לייב פיינבערג

# פון רעוואָלוציע צו תשובה



יוסף ליפשיץ־פאָנד
פון דער ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייוואָ

64סטער באַנד פֿון ציקל

מוסטערווערק פון דער יידישער ליטעראַטור

אַרויסגעגעבן פון

יוסף ליפּשיץ־פּאָנד

פֿון דער

ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם ייִוואָ
אין אַרגענטינע

אונטער דער רעדאַקציע
פֿון
שמואל ראָזשאַנסקי

קאָרעקטור
יעקבֿ־יהושע לערמאַן

טיראַזש 1.500 עקזעמפּלאַרן

יאָר ה׳תשל״ה — 1975
ליטעראַטור־געזעלשאַפט ביים ייוואָ אין אַרגענטינע

# תוכן



לייב פײַנבערג אין די לעצטע יאָרן

# ביאָגראַפּישע שטריכן

לייב פּײַנבערג, וועלכער האָט דעבוטירט ווי אַ רוסישער פּאָעט אונטערן פּסעוודאָנים לעאָניד גרעבניאָוו, געבוירן 6 פעברואַר 1897 אין קדימה, פּאָדאָליע, דרום־רוסלאַנד, האָט ביז 9 יאָר געלערנט אין חדר. אַוועק דערנאָך קיין אָדעס, פון וואַנען דער טאַטע, נחמן־שמואל, עמיגרירט קיין ניו־יאָרק, ווערט דאָקטער פון כעמיע און שפּעטער דירעקטאָר פון אַ העברעיִשער שול. דער זון קומט צו די 13 יאָר צום טאַטן קיין אַמעריקע, נאָר קערט זיך באַלד צוריק.

1915, לייב גייט־אַרײַן אין מאָסקווער אוניווערסיטעט, לערנט געשיכטע און פילאָסאָפיע, נאָר היות ס'איז מלחמה־צײַט טרעט ער אַרײַן אין קאַדעטן־קאָרפּוס, ווערט אָפיצער און גייט פרײַוויליק אַוועק אין דער רויטער אַרמיי, איז אַדיוטאַנט פון קאָמיסאַר יאַן גאַמאַרניק, ח. נ. ביאַליקס שוואָגער, און באַטייליקט זיך אין די שלאַכטן קעגן די מחנות פון דעניקין, מאַכנאָ און פּעטליורע, אין אוקראַיִנע. נאָר אין 1920, אַ פאַרוווּנדעטער, פאַלט ער אַרײַן צו די „ווײַסע" פּאָגראָמשטשיקעס. ראַטעוועט זיך פון דערשאָסן ווערן דורכן אַנטלויפן קיין טערקײַ, און ווי אַ מאַטראָס אויף פראַכטשיפן פאָרט ער אַרום איבער דער וועלט, קומט אין ארץ־ישראל, זעט אַפריקאַנער לענדער, ווי מאַראָקאָ, טוניס, אַלזשיר, אינדיע א"אַ.

אין 1921 קומט ל. פּ. ווידער צום פאָטער און באַזעצט זיך אין ניו־יאָרק.

*

לייב פּײַנבערג דעבוטירט 1914 אין אָדעס מיט אַ רוסישן בוך לידער, טרי אַווטאָראַ (דרײַ מחברים) א"פ לעאָניד גרעבניאָוו, דרוקט לידער אין די בעסטע רוסישע זשורנאַלן פון פּעטראָגראַד, באַקומט אין 1918 די 1טע פּרעמיע אין אַ קאָנקורס צווישן הונדערט רוסישע פּאָעטן פאַר זײַן ליד דושאַ ראָסיִי (די נשמה פון רוסלאַנד). אין 1919 דערשײַנט אין מאָסקווע זײַן בוך רוסישע לידער וו סטראַניע סקיפאָוו (אין דעם לאַנד פון די סקיפן); אין 1923, שוין אין בערלין, אָבער אין פאַרלאַג „מאָסקוואַ", נאַ פּאַפּערטי דאַראָג (אויף דער הייליקער שוועל פון די וועגן), און אַפילו אין אַמעריקע, ווען ער איז שוין אין גאַנצן אַ ייִדישער דיכטער, הערט ער נישט אויף צו דרוקן זיך אויך אויף רוסיש. אין 1921 אַרבעט ער מיט אין דער ניו־יאָרקער רוסישער צײַטונג „נאָוואָיע רוסקאָיע סלאָוואָ". און אין 1947 דערשײַנט אין ניו־יאָרק זײַן אַנטאָלאָגיע איבערזעצונגען פון דער ייִדישער דיכטונג, יעוורייסקאַיאַ פּאָעזיאַ.

*

הגם לייב פּײַנבערג האָט אין ייִדיש דעבוטירט אין 1921 אין דער ניו־יאָרקער אַנאַרכיסטישער „פרײַע אַרבעטער שטימע", וווּ שפּעטער געדרוקט חוץ לידער אויך אַרטיקלען וועגן ליטעראַ־

טור, האָט אַ סך יאָרן געהערט צו דער קאָמוניסטישער באַוועגונג, אין רעדאַקציע פון „מאָרגן־פרײַהייט", מיטגעאַרבעט אין „דער האַמער", „פונקען", „סיגנאַל". ער איז אָבער אַוועק, אין צייכן פון פּראָטעסט קעגן אָט דער פּאָליטישער אָריענטאַציע, איבער הויפּט אין סאָלידאַריטעט מיט אַלגעמיינע נאַציאָנאַלע ייִדישע שטעלונגען. אַזוי אין 1929, בעת די אַראַבישע פּאָגראָמען אין ארץ־ישראל — ל. פּ. האָט דעמאָלט פאַרלאָזט די „פרײַהייט", אָבער איז אין 1933 צוריקגעקומען — און ענדגילטיק אַוועק מיט אַ קלאַפּ אין דער טיר פון דער „מאָרגן־פרײַהייט" אין אויגוסט 1939, ווען סטאַלין און היטלער האָבן אונטערגעשריבן זייער „פרײַנדשאַפט־פּאַקט". אַ קורצע צײַט מיטגעאַרבעט אין „פאָרווערטס", אַריבער אין „טאָג" און זיך געדרוקט אין זשורנאַלן. אויך רעדאַקטירט, מיט י. א. ווײַסמאַן, דעם זשורנאַל „עפּאָכע" (1943—1947). די לעצטע יאָרן געווען אין „טאָג־מאָרגן־זשורנאַל" און געווען פּרעזידענט פון ייִדישן פּען־קלוב.

## לייב פײַנבערגס לידער אין בוכפאָרעם

ערבֿ שטורעם, 64 ז', נ"י 1926.
גרויסשטאָט, 96 זז', 1928.
ליכט און ברויט, 128 זז', 1931.
דוד בלאַנק, 160 זז', 1934.
חבֿר לעבן, 128 זז', 1938.
אין קײנעמס לאַנד, 48 זז'.
די יורשים פֿון דער ערד, 96 זז', 1941.
בן־עזאי אין פּרדס, 96 זײַטן, 1948.
ייִדיש, 96 זז', 1950.
רוסישע פּאָעזיע, **איבערז', אַנטאָלאָגיע**, 256 זז' מעקסיקע 1950.
דער פֿאַרמשפּטער דור, **ראָמאַן**, 336 זז', נ"י 1954.
גאָטס צאָרן, **היסט' ראָמאַן** וועגן אלישע בן־אַבֿויה, 224 זז', 1957
דער געבענטשטער דור, **ראָמאַן** וועגן פּיאָנערן־דור פֿון מ"י, 256 זז', 1962.
דער חרובער דור, **ראָמאַן**, 256 זז', 1967.

*

לייב פײַנבערג, וועלכער איז געווען ליטעראַרישער לייטער פון „מאָריס שוואַרצס קונסט־טעאַטער" (1923־1926) און פון „אַרטעף"־טעאַטער (1932־1934), האָט איבערגעזעצט אַ ריי דראַמעס, ווי: ק. ד. מערעזשקאָווסקיס פּעטער דער גרויסער, מאַקסים גאָרקיס יעגאָר באָליטשעוו און דאָסטיגאַיעוו.

# לייב פיינבערג: פון דער רוסישער רעוואָלוציע דורך יידישיזם צו מדינת ישראל

## פֿון באַגייסטערונג צו פֿאַרצווייפֿלונג

דער 20סטער יאָרהונדערט איז שטיינרייך אין שטורמישע רעוויזיעס אין געדאַנקען־גאַנג פֿון באַוועגונגען. מ׳האַלט זיך אין איין אָפּגטן פֿון אָפּגעטער...

אַ פּנים, אַז די שנעלקייט פֿון ראַדיאָ, טעלעוויזיע און עלעקטראָנישער רעכן־מאַשין ווירקט אויך אויפֿן לויף און דויער פֿון אידעאָלאָגיעס.

אפֿשר דערפֿאַר איז דער 20סטער יאָרהונדערט רייכער ווי די פֿריערדיקע אין אידעאָלאָגן, פּאָליטישע שפּעקולאַנטן און מנחם־מענלשע היצקעפּ, מאָדערנע וואַריאַנטן פֿון די אַמאָליקע פֿאַלשע משיחים, וועלכע האָבן עקספּלאָטירט די מימראס פֿון כּולו חייב און כּולו זכאי. אין די צייטן פֿון שטייגנדיקע מלחמות און חורבנות, וועלכע זיינען אַ רעזולטאַט פֿון פֿאַנטאַסטישן פּראָגרעס אין דער טעכניק, האָבן היסטעריע און אַכזריות געבראַכט די גרעסטע נצחונות. נישט קיין חידוש, דעריבער, וואָס פֿון ציוויליזאַציע איז געוואָרן צעווילדיזאַציע.

די דאָזיקע צעווילדיזאַציע האָט זיך צעשפּילט גאַנץ באַזונדער אין ראַטן־פֿאַרבאַנד און מער נאָך אין דער ייִדקאָמוניסטישער באַוועגונג. דער אַנטוישטער קאָמוניסט פֿילט זיך ווי „פֿאַרקוילט און פֿאַרשרפֿעט, פֿאַרסמט און צעביסן פֿון ליבע, דער שלאַנג“ [1]. דער קאָמוניסט, וואָס האָט ווי אַ פּליט קוים זיך אַריינגעראַטעוועט אין זיין גן־עדן, דערזעט גאָר, אַז רוסלאַנד איז אַ סאַנאַטאָריע, ווייל דאָרטן ווערט מען „אויסגעהיילט איינס און צוויי“ פֿון „קאָמוניזם“ [2].

---

[1] לייב פיינבערג — „מיין לעצטער אָנזאָג“, די צוקונפֿט, נ״י, פעברואַר 1969.

[2] פּ. גרים / משה גראָסמאַן — אין פֿאַרכישופֿטן לאַנד פֿון לעגענדאַרן דזשוגאַשווילי (מיינע 7 יאָר אין ר״פ: 1939—1946), ב׳ 1, ז׳ 71, פּאַריז 1949.

אַז די רוסישע רעוואָלוציע האָט אַרויסגערופֿן אויף דער הייסער מינוט ענטוזיאַזם בײַ מיליאָנען ייִדן אויף דער גאַנצער וועלט, איז נישט מער ווי נאַטירלעך. אויך באַלעבאַטישע ייִדן, פֿרעמדע צו די קלאַסן־אידייען, האָבן געהאַט גענוג מאָטיוון צו ווערן מיטלויפֿערס. דער באָלשעוויזם, וואָס האָט אין 1919 פּראָקלאַמירט „אַ שאַנדע דעם פֿאַרפֿלוכטן צאַריזם, וועלכער האָט געפּײַניקט און פֿאַרפֿאָלגט די ייִדן, אַ שאַנדע די וועלכע זייען פֿײַנדשאַפֿט צו ייִדן״ [3], איז געווען ווי אַ רעטונגס־גאַרטל אין דעם ים פֿון ייִדישן בלוט, אין וועלכן עס האָבן זיך געבאָדן פּאָגראָמשטשיקעס אין אוקראַינע. אַ פּשיטא שוין בײַ ייִדן רעוואָלוציאָנערן, וועלכע האָבן געקענט זאָגן: „דער נאַציאָנאַלער מאָמענט האָט אין מײַן פּסיכאָלאָגיע נישט פֿאַרנומען קיין זעלבשטענדיק אָרט, ווײַל אין טאָג־טעגלעכן לעבן האָב איך אים גאַנץ ווייניק געשפּירט״ [1]. על אַחת כּמה וכמה — די פּאָליטישע איבערלויפֿערס, וואָס זייער צאָל איז געווען זייער גרויס, ווי ס׳איז בײַ יעדער זאַך, וואָס גייט־אַרײַן אין דער מאָדע... האָט דאָך „דאָס ערשטע מאָל אין דער געשיכטע, נאָך יאָרטויזנטער נגישות און בלוטיקע פֿאַרפֿאָלגונגען, דער ייִדישער אַרבעטער, דער ייִדישער האָרעפּאַשניק דערפֿילט זיך ווי אַ גלײַכער צווישן גלײַכע״ [5]. דער ניכטערער היסטאָריקער האָט אָבער נאָך פֿאַר דער 2טער וועלט־מלחמה געמאַכט אָט אַזאַ באַלאַנס: „לענין און טראָצקי, דער אמתער רוסישער אַדלמאַן און דער ייִדישער אינטעליגענט, וואָס האָט זיך אָפּגעפֿרעמדט פֿון זײַן פֿאָלק, זײַנען געשטאַנען בראש פֿון דער דאָזיקער איבערקערעניש; זי האָט חרובֿ געמאַכט רוסלאַנד און צוזאַמען מיט דעם דעם הויפּטצענטער פֿון ייִדנטום. צווישן די צווייטראַנגיקע פֿירערס פֿונעם באָלשעוויזם איז געווען אַ היפּש ביסל ייִדן. דאָס זײַנען אַלץ געווען אַזוינע נפֿשות,

---

[3] נ. לענין / וו. אוליאַנאָוו — „וועגן פּאָגראָם־העצע אַקעגן ייִדן״, אויסגעוויילטע ווערק, ב׳ 8, טייל 1, ז׳ 147, מאָסקווע 1927.

[4] לעוו טראָצקי — מײַן לעבן, ב׳ 1, ז׳ 129, וואַרשע 1930.

[5] עסטער — לענין און זײַן אַרבעט, 2טע אויפֿלאַגע, ז׳ 258, לענינגראַד 1926.

וואָס זײַנען פֿאַרסמט געוואָרן דורך די רדיפֿות פֿון דעם צאַריזם: דער פֿונק פֿון סאָציאַליזם איז בײַ זיי פֿאַרוואַנדלט געוואָרן, נישט אין אַ פֿאַקל פֿאַר די פֿעלקער, נאָר אין פֿאַרניכטונג־פֿײַער פֿון בירגערקריג. אָט די אַלע זינאָוויעווס, קאַמעניעווס, אוריצקיס, וואָלאָדאַרסקיס, וואָס האָבן אָט פֿאַרביטן זייערע ייִדישע פֿאַמיליע־נעמען מיט רוסישע פסעוודאָנימען (אַזוי ווי טראָצקי — בראָנשטיין), זײַנען נישט אָפּגעשטאַנען פֿון זייערע רוסישע חבֿרים אין דער איבערקערעניש — די געבאָטן פֿון מאַרקסיזם האָבן זיך געפּאָרט מיט מעטאָדן פֿוןווילדער פוגאַטשאָוושטשינע. די פֿאַנאַטיקערס פֿון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור האָבן אָפּט אָפּגעראַמט פֿון וועג אַלע דעמאָקראַטן, סאָציאַל־דעמאָקראַטן און סאָציאַל־רעוואָלוציאָנערן, צווישן וועלכע עס זײַנען געווען אויך אַ סך ייִדן". געבוג צו דערמאָנען „די מעשׂים רעים פֿון דער טשעקאַ, אָט דער שרעקלעכער אינסטיטוציע פֿון פּאָליטישער אינקוויזיציע"[6]...

די דאָזיקע עטאַבלירטע פּאָליטישע אינקוויזיציע איז פֿון דעסט וועגן געווען באַשיצט און באַשירעמט דורך צענדליגער, צענדליגער יאָרן, און די אויפֿדעקונגען, פֿון צײַט צו צײַט, האָבן נישט געשטערט ווענטלעך איר עקסיסטענץ. אמת, „די ייִדישע קאָמוניסטן אין מאָסקווע, די ייִדישע קאָמוניסטן אין דעם עמעס זײַנען אַזוי לאַנג געווען „נייטראַל" צו ייִדיש און ייִדישע אינטערעסן, אַז זיי אַליין, זייערע פּאָסטנס, זײַנען געוואָרן אומנייטיק, איבעריק"[7]. אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע באַנקראָטן און מפּלות זײַנען נאָך אַלץ געבליבן ייִדקאָמוניסטישע מיטגייערס, וועלכע האָבן נישט געוואָלט הערן און זען דעם גרויסן חורבן, וואָס עס האָט אָנגעמאַכט די אימפּעריע פֿון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע. פֿון די הונדערטער ייִדישע שולן — קיין איינע נישט געבליבן. פֿון די דרײַ טעגלעכע ייִדישע צײַטונגען, אין מאָסקווע, מינסק און כאַרקאָוו — שוין צענדליגער יאָרן קיין איינע

———

[6] שמעון דובנאָוו — די וועלט־געשיכטע פֿון ייִדישן פֿאָלק, ב׳ 10, ז׳ 425, בוענאָס־איירעס 1956.

[7] וואַד (לייט־אַרטיקל), רעדאַקציע — מ. באָריישאָ, ה. לייוויק, נ׳ 30, נ״י 1930.

נישטאָ. קיין איין ייִדישע עפֿנטלעכע קולטור־אינסטיטוציע, קיין איין עפֿנטלעכע ייִדישע ביבליאָטעק — נישטאָ, נישטאָ, נישטאָ. פֿון די דרײַ ייִדישע קאַטעדרעס — קיין סימן נישט. פֿון ייִדישע פֿאַרשביכער — מ׳רעדט צו מאָל שוין נישט דערפֿון צענדליגער יאָרן. עס קלינגט מער ווי אַ לעגענדע, אַז אין ראַטן־פֿאַרבאַנד האָט „די ייִדישע קולטור־בויונג דורכגעמאַכט אַ פעריאָד פֿון שטורמישן וואַקסן כּמעט אויף אַלע געביטן״ [8].

ווי אַ לעגענדע קלינגען שוין הײַנט די אומצייליקע אַנטוישונגען, נאָך די צערונענע האָפֿענונגען, צער, שפֿיכת־דמים, וואָס ייִדקאָמוניסטן האָבן באַדאַרפֿט איבערלעבן. זיי האָבן זיך אָנגעהויבן נאָך אין די 20ער יאָרן. נאָך אינדיווידועלע אַרעסטן, פֿאַרשיקונגען און דערקלערן אָפּ־נייגלערס פֿאַר משוגע און זיי פֿאַרקייטלען אין משוגעים־הײַזער (מאַקס עריק, משה ליטוואַקאָוו, כאַווערטע עסטער, משה קולבאַק, איזי כאַריק א״אַ) זײַנען געקומען די מאַסן־דערשיסונגען אין 1936־1937. ווען די ערשטע נאַצישע וואַקכאַנאַליע האָט זיך קודם־כּל אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף די ייִדן, סעפּטעמבער 1939, האָבן ייִדן באַדאַרפֿט הערן, ווי נאָכן לאָזן וויסן, אַז סטאַלין און היטלער האָבן געשלאָסן אַ „פֿרײַנדשאַפֿט־פּאַקט״, האָט דער סאָוועטישער ראַדיאָ געמאַכט „קידוש״ מיט דעם לידל „לאָ־מיר מאַכן אַ לחיים פֿאַר אַ לעבן אַ נײַעם״... די גדולה איז געווען, וואָס מאָסקווע האָט דערקלערט, אַז „נאַציזם איז אַ געשמאַקזאַך״... דאָס אַרעסטירן די אָנגעזעענסטע ייִדישע סאָוועטישע שרײַבערס אין 1948 און זיי אויסשיסן אין 1952 האָט שוין גאָר נישט געקאָנט איבעראַשן. אויך צום גרעסטן גרויל געווינט מען זיך צו — מען זאָל נאָר נישט געפּרווט ווערן...

דער ייִדישער שרײַבער און קולטורמענטש, וועלכער „האָט אין דעם קאָמוניסטישן רוסלאַנד געזען די מעגלעכקייט פֿונאַנדערצונעמען

---

[8] מ. לעוויטאַן / כאַרקאָוו — „ייִדישער שולבוי אין דער סאָוועט־רעפּוב־ליק״, דער האַמער נ׳ 9, ז׳ 48, נ״י 1926.

זײַנע פֿליגל" [9], האָט מער נישט געקאָנט אין זיך דערשטיקן דאָס געשריי פֿון געוויסן. אָט דעם צער און ווי האָט געלאָזט הערן דער דיכטער וואָס איז געווען אַ רויטאַרמייער און האָט פֿאַר דער רעוואָלוציע אַוועקגעגעבן, נישט בלויז זײַן וואָרט, נאָר אויך זײַן יוגנט.

לייב פֿײַנבערג איז געקומען צו דער רעוואָלוציע, נישט ווי אַ געַרודפֿטער אַרבעטער, נאָר ווי אַ רוסישער פּאָעט פֿון דער רוסישער רעוואָלוציע.

## אונדזער דיכטער פֿון דער רוסישער פּאָעזיע

לייב פֿײַנבערג זאָגט אין פֿאַרשיידענע ביכער זײַנע, אַז ער האָט „געטרוימט אַמאָל פֿאַרמעסטן זיך אין כּוחות מיט אַלעקסאַנדער סערגייִעוויטש פּושקין", ווײַל „מיר האָבן אַלע זיך געלערנט בײַ פּושקינען דעם סוד פֿון ליד" [10].

אָנגעהויבן לערנען האָט ער טאַקע אין אַ חדר. דער טאַטע איז טאַקע געווען אַ יודע־ספֿר, צו מאָל אַ קורצע צײַט געווען רעדאַקטאָר פֿון אַ ייִדישער צײַטונג אין אָדעס און אין אַמעריקע פֿאַרפֿאַסט ספֿרים. אָבער ער, לייב, איז גאָר אַוועק גאַנץ פֿרי צו רוסיש. דעבוטירט אין רוסיש. זיך באַטייליקט אין אַ קאָנקורס פֿון אַ הונדערט רוסישע לידער־שרײַבערס. און דאָס ליד, וואָס האָט אים געבראַכט דעם ערשטן פּריז, האָט געהייסן נישט אַנדערש ווי „די נשמה פֿון רוסלאַנד"... און עס איז אינטערעסאַנט, אַז אין רוסיש האָט לייב פֿײַנבערג זיך נישט געדרוקט אונטער זײַן ייִדישן נאָמען, נאָר אונטערן פּסעוודאָנים לעאָניד גרעבניאָוו אָדער לעאָניד אַנאַראַנט אָדער אַלטער עגאָ... אויף ווי ווײַט עס גייט זײַן דאַנקשאַפֿט און צוגעבונדנקייט צו דער רוסישער ליטעראַטור, קען דינען די דערקלערונג צו זײַן „אַנטאָלאָגיע פֿון 200 יאָר רוסישע פּאָעזיע אויף ייִדיש מיט אַ פּערזענלעכער נאָטע: מיט דער אַנטאָלאָגיע — זאָגט ער — צאָל איך אָפּ אַ חובֿ דער רוסישער

---

[9] אַ. לעיעלעס — „משה קולבאַק", זאַמלביכער ב׳ 8, ז׳ 8, נ"י 1952.

[10] ל. פֿײַנבערג — גרויסשטאָט ז׳ 55, נ"י 1928; דער חרובער דור ז׳ 7, נ"י 1967.

פּאָעזיע, וועלכע איז געווען מײַן גײַסטיקע היים אין די ערשטע יאָרן פֿון מײַן שעפֿערישער ליטעראַרישער אַרבעט און אַ קוואַל פֿון וואַנען איך האָב געשעפּט און געצויגן מײַן דיכטערישע יניקה״ [11].

נאָך שמעון־שמואל פֿרוגן איז לייב פֿײַנבערג דער וואָס באַהערשט אין ייִדיש צום בעסטן די קונסט פֿון צעזור. — ער קען גלענצנדיק דעם סוד פֿון פּויזע און דעם קלאַסישן ריטעם פֿון פֿערז. אַ קריטיקער, וואָס האָט אַ זשורנאַליסטישע נטיה צו בײַסיקע רייד, זאָגט: „זײַנע גראַמען שיסן גראַמיש, זיי האָבן דעם קנאַליקן ריטעם פֿון אַ קוילן־וואַרפֿער... ל. פֿײַנבערג איז געבליבן אַ רוסישער דיכטער וואָס שרײַבט כּמעט אַ רוסישן ייִדיש״ [12]. נו, צי ס׳איז טאַקע אַזוי, אַז ר׳איז נישט בלויז „געבליבן אַ רוסישער דיכטער״, נאָר ער „שרײַבט כּמעט אַ רוסישן ייִדיש״? דערויף זאָלן דינען עטלעכע שורות פֿון זײַנער אַן איבערזעצונג פֿון אַ באַרימטן רוסישן ליד:

„געדענקט זשע, איר אַלע, פּאָגראָמשטשיק און כוליגאַן,
איר, אַנטלאָפֿענע אין פּאַריזער גן־עדן,
אײַך, אַז מ׳עט דאַרפֿן, וועט טרעפֿן נאַגאַן,
דער שטאָלענער רעדנער וואָס דרימלט אין שיידל.

און יענע וואָס זײַנען אין חשכות פֿאַרזונקען
און זעען קיין ליכט נישט פֿאָרויס,
און זיי טרעפֿן נאָך הײַנט דאָס וואָרט זשיד אויף די צונגען —
מיר וואָרענען און ריידן זיי אויס״ [13].

אַז ער געפֿינט זיך אונטער דער השפּעה פֿון דער רוסישער פּאָעזיע, דאָס זאָגט פֿײַנבערג אַליין שאַרפֿער ווי וועלכער ס׳איז קריטיקער וואָלט דאָס געקאָנט זאָגן. ס׳איז אָבער ניט שײַך אים צוצושרײַבן „אַ רוסישן ייִדיש״ און נאָך ווייניקער, אַז ער „איז געבליבן אַ רוסישער דיכטער״. ווען פֿײַנבערג וואָלט מער גאָר נישט אָנגעשריבן ווי נאָר

---

[11] ל. פֿײַנבערג — רוסישע פּאָעזיע, ז׳ 14, נ״י 1950.

[12] א. מוקדוני — „דער פֿאַרמשפּטער דור״, די גאָלדענע קייט נ׳ 25, ז׳ 234, תל־אָביב 1956.

[13] וולאַדימיר מאַיאַקאָווסקי — „זשיד״, רוסישע פּאָעזיע, ז׳ 188.

דעם ציקל פֿון 50 לידער ייִדיש אָדער בן עזאי אין פּרדס, וואָלט דאָס שוין גענוג געווען אים צו פֿאַררעכענען צו די ייִדישסטע פּאָעטן, הן צוליב די מאָטיוון, וואָס ער באַזינגט, הן צוליב זײַן אומגעווײנטלעכער עשירות אין גראַמען ייִדיש מיט העברעיִש, באַטעמט און רײַכזיניק, הן צוליב דער זאָגערישער קרעפֿטיקייט און דערציילערישקייט. ווי אַ שטייגער: יסוד — פֿאַרבאָט, סידור — לידער, ת״ח און ת״ט — פֿון קאַט, אין־סוף — כּי טוב, אין אַלע לענדער — אײַך מנחם־מענדל, אין הוילן חידוש — למאַמע ייִדיש, „הנותן״ — שטייט אַלץ אין דרויסן, אין מיטן ים — פֿון כאַם, סוגיות האַרבע — צו סוואַרבע, צלט — צו די ערלים, אַלף — אַ חלף, וויסט און תל — אין וויטעל, ביינער רויִשן — לשון קדושים, קלאָגער און קבֿרנים — שׂונאים, ייִדיש און עבֿרית — אונדזער ליד, פֿול מיט חן — געוויין, שׂנאה־סם —קיין צאַם, מיט צער — דער שׂכר, געץ — קרעץ, אַסקעט — פֿרייד פֿון חטא...

אַוודאי איז „ל. פֿײַנבערג ניט פֿון דער קאַטעגאָריע שרײַבערס, וועלכע מען דאַרף לערנען, חלילה, אַדרבה: ער ווייסט ווי צו שרײַבן אַ פֿערז. ער ווייסט שוין אַ ביסעלע צו גוט... ער קען זיך דווקא פֿאַר־גינען צו פֿאַרגעסן נײַנציק פּראָצענט פֿון זײַן גרינגער קענטעניש און מער אין זינען האָבן דעם תּוך, די מיט פֿונעם בוך און נישט די ברעגן״ [14]...

אין דעם פּרט זינדיקט פֿײַנבערג נישט איין מאָל. ער חזרט זיך איבער. ווי מיט אַ כּיוון דערציילט ער אַ צווייט און אַ דריט מאָל דעם זעלביקן עפּיזאָד. ער האָט ליב צו שרײַבן וועגן אייגענעם לעבן — און עס שרײַבט זיך אים גרינג.

נישט אַלע מאָל איז אַ ברכה, אַז עס שרײַבט זיך גרינג. און צו פֿיל איז קיין מאָל נישט קיין צו גרויסע מעלה. און עס איז ניט זעלטן גוט, בפֿרט פֿאַר אַ פּאָעט, גיכער געדענקען צו פֿאַרגעסן איידער פֿאַר־געסן צו געדענקען...

---

[14] מעם דאַלעד / מאַטעס דײַטש — „אַ שרײַבער מיט צו פֿיל טינט אין זײַן בלוט״, בריקן, אַ פֿערטל יערלעכע שריפֿט, ב׳ 1, ז׳ 449, שיקאַגע 1934.

## די ביאָגראַפיע פון אַ דור און זיין אויסדערציילער

לייב פיינבערג איז דער איינציקער דיכטער פון דעם רעוואָלו־ציאָנערן שרייבער־דור, וואָס האָט געפילט אויף זיך דעם עול אויסצו־טראָגן דאָס וואָרט און דאָס בילד פון אייגענעם לעבן, אַז אַלע זאָלן דאָס הערן און זען: אָט אַזוי האָט אויסגעזען מיין חלום און אַזוי האָט אויסגעזען מיין לעבן!

דער געדאַנק, אַז אַ רעוואָלוציאָנערער פּאָעט זאָל ווייזן זיין אייגן לעבן, זעט בדיעבד אויס פשוט, עלעמענטאַר. יעדער שרייבער קנעט דאָך אַריין אין זיין שרייבן שטיקער פון זיין פּערזענלעכן לעבן, נאָר ער שרייבט זיי אָן אויף אַנדערע נעמען. עס איז אָבער זייער אויפ־פאַלנדיק און מסתמא כאַראַקטעריסטיש, וואָס דווקא די ביאָגראַפיעס פון אָט דעם דור שרייבערס, וועלכע זיינען אַוועקגעשטעלט געוואָרן פאַר די גרעסטע נסיונות, זיינען נישט אַריינגעשריבן געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור. פיינבערג איז דער איינציקער, וועלכער האָט ממש זיין גאַנץ דיכטעריש שאַפן פאַרבונדן מיט זיין רעוואָלוציאָנערער ביאָגראַפיע, מיט דער ביאָגראַפיע פון זיין דור.

און אַזוי ווי זיין דור, און ער אַליין, אונטערגעוואָרפן אַ דיסציפּ־לין, ווי אַ רויטאַרמייער, שרעקט זיך נישט צו זיין איינזייטיק, געדענקט אַלע מאָל פיינבערג, וואָס ער מעג יאָ דערציילן און וואָס ער טאָר נישט.

אַזוי, למשל, הייסט ער אין זיין קאָמוניסטישן פרילינג לעאָן פיינ־בערג און זיין טאַטע, נחמן־שמואל, אין רוסלאַנד אַ סוחר, איז אין אַמע־ריקע אַ דירעקטאָר פון אַ העברעישן אינסטיטוט[15]. פון זיין ערשטן פּאָעטישן פאַרמעסט דערוויסן מיר זיך, אַז דער יונגער זון, געקומען צו גאַסט צום טאַטן אין אַמעריקע, קען נישט פאַרטראָגן זיין טאַטנס קרעמערישע געדאַנקען — און דוד בלאַנק „איז אויף מאָרגן אַנטלאָפן פון טאַטן“... כפי דער אָ פּאָעטישער ביאָגראַפיע פון 1934 האָט זיך בלאַנק־פיינבערג „דערשפּירט גרויזאַם און ניכטער: / ער, יערשאָוו,

---

[15] זלמן רייזען — לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, פּרעסע און פילאָלאָגיע, 3טער באַנד, קאָלום 57, ווילנע 1929.

אַ רוסישער דיכטער, / אַ סאָלדאַט פֿון דער רויטער אַרמיי". אין זײַן דעמאָלטיקער ווערסיע, ווי ר'איז אַנטלאָפֿן פֿון געפֿאַנגענשאַפֿט „מיט אַ קרייץ אויף דער ברוסט, אין אַ לאַנגער גלחישער ריאַסע", דער־ציילט ער נישט, אַז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אויף זײַן אויסגעצוי־גענעם וואַנדערוועג, אויף אַ לאַנגער צײַט אין ארץ־ישׂראל. פֿאַרקערט, ווען ער טרעפֿט אין פּאַרט־סאַיד זײַן יוגנט־חבֿר (ווערמען ער גיט־אָפּ אין אַלע זײַנע ביאָגראַפֿיע־ביכער היפּש פּלאַץ) און יענער רעדט אים צו — „קום מיט מיר אין דעם לאַנד פֿון די אָוועס, / ווו עס בויט זיך אַ נײַע וועלט, / ווו עס טלי'ט נאָך דער פֿײַער פֿון אָוואַר / און דאָס ליכט פֿון מאָרגן שוין העלט!... / האָט דאָוויד זיך פֿײַנלעך צעשמייכלט / פֿון אַרטשעס באַגײַסטערטע רייד". כאָטש ער פֿילט, אַז ער איז גאָר נישט אין אָרדענונג, וואָס „ער — אַ זעלנער פֿון דער רעוואָלוציע, / ער — אַ קעמפֿער פֿאַרן אַרבעטער־קלאַס, / שלעפּט אַרום זיך אָן טאָלק און אָן נוצן / איבער וועגן פֿון וועלט — פּוסט־און־פּאַס!"...

אָבער אין זײַן פּאָעטישער ביאָגראַפֿיע־ווערסיע דער געבענטשטער דור, געדרוקט אין 28 יאָר אַרום, אין 1962, האָט פֿײַנבערג פֿון זײַן לעבן אין ארץ־ישׂראל אָפּגעשפּאָרט אַ „ראָמאַן אין פֿערזן וועגן דעם דור וואָס האָט געלייגט די יסודות פֿון מדינת ישׂראל". ליוליק אַדלער (יוליאַן אָרלאָוו), אַ דיכטער, ענדערט אין ארץ־ישׂראל זײַן נאָמען אויף יואל נשר, פּונקט ווי לייב פֿײַנבערג האָט אין רוסלאַנד געענדערט פֿאַר זײַן דיכטונג זײַן נאָמען אויף לעאָניד גרעבניאָוו... און דער דיכ־טער, נישט בלויז וואָס ער באַזינגט די נסיעה מיט דער שיף „רוס־לאַן", חלוצים, סכּנות און די שׂמחה פֿון אָנקומען, נאָר ער באַטייליקט זיך אויך אין דער אונטערערדישער אַרבעט אין ארץ, אַפֿילו אין נקמה־אַקטן, און איז לסוף אַ מיטגרינדער פֿון קיבוץ אוריה — ווי איינער פֿון דעם געבענטשטן דור — — — און טאָמער האָט עפּעס געפֿעלט אין דעם געמעל פֿון דעם אויפֿגעוואַכטן ייִדישן גײַסט אין דעם דיכ־טער, וואָס האָט פֿריִער באַזונגען „די נשמה פֿון רוסלאַנד", שילדערט פֿײַנבערג אין זײַן דריטן ראָמאַן, דער חרובֿער דור, אין 1967 — „אַ דור ייִדישע מענער און פֿרויען, וועלכע זײַנען געצוווּנגען געוועזן פֿון

גורל צו בלייבן אין רוסלאַנד און דורכמאַכן אַלע שבֿעה מדורי־גיהנום פֿון דער סאָוועטישערווירקלעכקייט: נויט, הונגער, אַרעסטן, קאָנצענטראַציע־לאַגערן, סטאַלין־משפּטים און אומקום. און בלויז איינעם פֿון זיי גיט זיך איין דרייסיק יאָר נאָך דער רעוואָלוציע צו אַנטרינען פֿון גיהנום״ [16]. פֿיינבערג איז דאָ שוין אַריבער פֿון זיינע פּערזענלעכע זכרונות צו דער אַלגעמיינער טעמע פֿון דער סאָוועטישער ווירקלעכקייט, נאָר מיט אַן אַנדערער ווירקלעכקייט. דאָס איז שוין אין אַ צייט, ווען פֿיינבערג הייסט שוין לייב און עס ווערט אָנגעגעבן „דער פֿולער נאָמען: יהודה־אַריה־לייב״ [17]. שפּעטער איז ער מוסיף: „יהודה אַריה לייב בן מנחם נחמן שמואל פֿיינבערג״ [18]. דאָ דערוויסן מיר זיך, אַז דער פֿאָטער זיינער איז געווען רעדאַקטאָר פֿון דער יידישער צייטונג „אָדעסער פֿאָלקסבלאַט״ (פֿריִער „אָדעסער טעלעגראַף״), אַז נאָכן ווערן אַרעסטירט פֿאַר אַן אַרטיקל אין דער צייטונג איז ער אַוועק קיין צפֿון־אַמעריקע, געוואָרן פּראָפֿעסאָר פֿון כעמיע אין אָהייאָר אוניווערסיטעט, אַריבער צום העברעיִשן חינוך און אָנגעשריבן צוויי ספֿרים, „מסילת התלמוד״ און „אדרת האמונה״. דער טאַטע, הייסט עס, איז נישט געווען אַזאַ „מענטש פֿון פֿיליסטער־לאַנד״, ווי דוד בלאַנק האָט אים אָפּגעמשלט נאָך דעם ווי דער טאַטע האָט פֿאַר אים קריטיקירט זיין באָלשעוויסטישן דרך. פֿאַרקערט: דאָס ווייזט, אַז לייב פֿיינבערגס ווענדונג צו אַמאָליקער יידישער געשיכטע, תּלמודישע געשטאַלטן, צו קבלה און אירע אויסשטראַלונגען, ווי אין גאָט פֿון צאָרן, וואָס איז אַ היסטאָרישער ראָמאַן וועגן אלישע בן־אַבֿויה, דעם אַחר, וועלכער איז אַריינגעלייגט געוואָרן אין חרם און אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון סנהדריך, ווי בן־עזאי אין פּרדס, איז בלי שום ספֿק — פֿון טאַטנס ירושה. דער קאָמוניסט האָט פֿאַר דער דאָזיקער ירושה מורא געהאַט ווי פֿאַר אַ מסירה; דער באַפֿרייטער דיכטער האָט זיך דערהויבן דורך דער אָ

---

[16] אַריינפֿיר: דער חרובער דור, ז׳ 4.

[17] לעקסיקאָן פון דער נייער יידישער ליטעראַטור, ב׳ 7, ק׳ 349, נ״י 1968.

[18] נאָטיצן אין דיכטערס אַרכיוו, צוגעשיקט דורך דער טאָכטער צו מוסטערווערק.

ירושה. אַדרבה: „ל. פֿײַנבערג ראַשט־איבער מיט זײַן היימישקייט אין קבלה״[19]. אַפֿילו ווען ער באַזינגט ייִדיש, בריהט ער זיך מיט געשיכטע, ליטעראַטור־קענטעניש, שעמערירט מיט ביאָ־ביבליאָגראַפֿיע, נאָר דער עיקר מיט דער מיסטיק פֿון נצח ישׂראל, וואָס איז אויסגעדריקט אין דער שעפֿערישקייט פֿון ייִדיש, אין דער אידיי, אַז „נישטאָ קיין גלות און קיין ארץ — / פֿאַראַן אַ פֿאָלק אין פֿרייד פֿאַרקניפּט״, געבענטשט „אין בונד פֿון ייִדיש און עבֿרית״, און „אויב ייִדיש זאָל פֿאַרגיין אין בראָנזוויל, / וועט׳ס אויפֿבלײַען אין תּל־אָבֿיבֿ״.

לייב פֿײַנבערג דער רויטאַרמייער האָט זיך אונטערגעטונקען אין דער ייִדישער געשיכטע, אין די קוואַלן פֿון אונדזער ירושה, און דורך דער טבֿילה און תּפֿילה זיך דערפֿילט ווי אַ נײַ־געבוירענער, באַפֿרײַט פֿון די רויטאַרמייִשע אילוזיעס. דאָס געזאַנג צו ייִדיש איז פֿאַר אים געוועזן זאַלב אויף די ווונדן נאָך די שווערע און ביטערע אַנטוישונגען. און צוריקקומענדיק צום קוואַל פֿון שטאַם, איז ער אויפֿגעשטיגן ווי אַ פּאָעט און האָט געפֿונען זײַן אייגן אָרט בײַ דער מזרח־וואַנט פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור. „דער ייִדישער שפּראַך האָט זיך קיין מאָל נישט געחלומט, אַז זי פֿאַרמאָגט אַזוי פֿיל גראַמען, און אַז מען קאָן זיי אַלע צוזאַמענברענגען אין אַ געזעמל פֿון אַרום דרײַצן טויזנט שורות, וואָס זאָל אין סך־הכּל צוזאַמענשטעלן אַ ראָמאַן אין פֿערזן״[20]. און דער פֿאַרמשפּטער דור איז „אַ קינסטלערישער דאָקומענט פֿון דער תּקופֿה —אַ באַשולדיקונג קעגן די פֿאַרטיליקערס נישט בלויז פֿון מיליאָנען לעבנס, נאָר אויך פֿון די העכסטע, שענסטע חלומות און אידעאַלן״[21]. ווי עס זײַנען לייב פֿײַנבערגס אַנדערע ראָמאַנען, וואַריאַנטן פֿון זײַן ביאָגראַפֿיע, אַ שליסל צו אַ סך פֿאַרוויסטע נשמות.

**שמואל ראָזשאַנסקי**

---

[19] א. אַלמי — „ל. פֿײַנבערג״, פֿרײַע אַרבעטער־שטימע, 17 סעפּט׳ 1948, נ״י.

[20] יעקב גלאַטשטיין — אין תּוך גענומען, 1948—1956, ז׳ 329, נ״י 1956.

[21] א. גלאַנץ־לעיעלעס — וועלט און וואָרט, ז׳ 221, נ״י 1958.

# מאַניפעסט

געבוירענע אין דור פון וווּנדער,
פאַרליבטע אין געשפּענסט פון זשעסט,
צו אײַך, פּאָעטן פון יאָרהונדערט,
מײַן פליגלדיקער מאַניפעסט:

מיט הוילן וואָרט איז איצטער ווייניק
צו זײַן אַ דיכטער אויף דער ערד —
איר מוזט זײַן שטעכיק, בייז און צייניק,
און שאַרפער נאָך פון שאַרפער שווערד.

נישט פידלען, פלייטן און טענאָרן
באַהערשן איצטער אונדזער גאַס:
ס'פאַרפלייצט דער שטורמישער וואַלטהאָרן [1],
ס'דערלייזט דער דונערדיקער באַס.

ס'איז נישט די צײַט איצט פאַר עסטעטן,
פאַר ליריקערס פאַר עקסעלאַנס,
פאַר מאָדע־דאַמעס מיט לאָרנעטן
וואָס שפּילן ליבע און פּאַסיאַנס [2].

זיי זײַנען טויט. ס'וועט מוזן שימלען
אין שראַנקען זייער לעצטער בוך.
אַפילו שטערן פון די הימלען
פאַרקויפט מען איצטער אויך אויף ברוך.

זאָל שאַרפער זײַן פון שאַרפן חלף
און פלוצעמדיקער ווי דער סוף

---

[1] בלאָז־אינסטרומענט. — [2] קאָרטנשפּיל.

פֿון אונדזער ליד דער ערשטער אַלף,
די לעצטע פֿײַערדיקע תּיו.

דאָס שטומע האַרץ מוז וועלפּיש שרײַען,
אַז ציטערן זאָל פֿעלדז און באַרג.
איר מוזט פֿון ווערטעריאָך באַפֿרײַען
דעם ערדקוגלס געצוימטן קאַרק!

פֿון ווערטער־אָפּפֿאַל רייניקט שטאַלן,
די מיסטקאַסטנס פֿון שמות צינדט.
פֿאַרשטאָפּט די אויפֿגעפּראַלטע קוואַלן,
וואָס פֿליסן מיט מליצה־טינט.

רײַסט־אויף די ביכער־קאַטאַקאָמבעס,
די רינשטאָקן פֿון רייד פֿאַרשיט.
צינדט־אָן די וועלט מיט הערצער־באָמבעס,
מיט לידער — דינאַמיט.

הענגט־אויף די הערצער אין די הייכן,
די לידער — אין דער אייביקייט.
דער נבֿיא — האַמער, סערפּ — דער צייכן,
און אונדזער גאָט — דער שטרײַט.

אויף בלויער טיר פֿון שטערן־קאַמער
הענגט־אויף דעם נײַעם רויטן הערב:
דעם שווונג פֿון פֿליגלדיקן האַמער,
די שאַרף פֿון אויפֿגעבליצטן סערפּ.

מיט לידער־האַמערס נאָגלט קערפּערס,
צעשפּליטערט אַרץ [3] און ברעכט גראַניט,
אַז איבער וועלט, ווי שאַרף פֿון סערפּן
זאָל אויפֿגיין אונדזער שטאָליק ליד.

---

[3] מינעראַלן.

## דאָס געזאַנג פון תוהו

וואָיען ווינטן און זאַווייען[4].
ווירבלען ווייען און פֿאַרווייען,
קנאַלן האָגלען, בלענדן שנייען,
שטורעמס אַקערן די שטעט.

שטעט צעשיטן זיך אין שטיינער,
גאַסן שטשירען שוואַרצע ציינער,
קנאַקן קעפּ און קראַכן ביינער,
היט אײַך, וועלטן, תוהו גייט!

טיפֿן הייבן זיך אין רוימען,
רוימען נידערן אין תהומען.
פֿלאַכן שלינגען־אײַן די זוימען,
בערג צעפֿאַלן זיך אין שטויב.

קראָען שרײַען איבער דעכער,
סאָװעס וו־ינען אין די לעכער,
קולות שווינגען[5] העכער, העכער,
און די הימלען זײַנען טויב.

גופֿן־גײַסטער, גופֿן־רויכן,
גליִען, ציִען זיך צו הייכן,
מיד פֿון פֿאַלן, מיד פֿון גרייכן —
קיין דערלייזונג איז נישטאָ.

ווער וועט שווערד פֿון שייד אַנטבלויזן,
צי פֿאַר גוטן צי פֿאַר בייזן,
ווער וועט קומען און דערלייזן
אין דער לעצטער שעה?

---

[4] שטורעמס. — [5] וויגן זיך.

# דאָס ליד פון די קאָמונאַרן

שאַלט־אויס אײַער רוף, קאָמונאַרן,
דעם שטאָליקן, שטורמישן, דרייסטן,
און זאָלן געהויבענע פויסטן
אין רוימען פאַרגליווערטע שפּאַרן!

מיר זײַנען פון הפקר די ריטערס,
צעשטערערס פון וועלט־קאָנטינענטן,
מיר שנײַדן מיט שאַרפע אָקרענטן [6]
די ימען פון בייזן געוויטער.

חבֿרים, אַרויס פון די היילן!
שאַרפט ווערטער אָן שאַרפשטיינער שאַרפער!
מיר זײַנען טראָציקע וואַרפערס
פון ווערטער וואָס טרעפן ווי קוילן.

מיר זײַנען נישט צוועלף [7], נאָר מיליאָנען
פון נײַעם געזעץ אַפּאָסטאָלן.
מיר צייכ'נען געהיימע סימבאָלן
אויף רויטע צעפלאַטערטע פאָנען.

מיר זײַנען געפערלעכע יאַטן,
מיר ווייסן קיין זעט און קיין דרימל.
מיר וועלן צעשטעכן דעם הימל
מיט אונדזערע רויטע פלאַקאַטן!

---

[6] שיפן. — [7] אַן אָנצוהערעניש אויף אַלעקסאַנדער בלאָקס בליצשנעל קלאַסיש געוואָרענער מיסטישער פּאָעמע צוועלף גלײַך נאָך דער זיגרײַכער רוסישער רעוואָלוציע.

זאָל רינען דאָס בלוט, ווי פֿון רינוועס [8],
פֿון הימלען, פון סנאָבישע, בלויע.
צעעפֿנט זיך, קוואַלן פֿון תוהו,
וואַשט־אָפּ פֿון די וועלטן דאָס שפּינוועבס!

עס הענגען־אַראָפּ בלויע צויטן:
גיט יעדן פֿון הימל אַ שטיקל.
מיר האָבן פֿאַרברענט אַלע בריקן,
פֿון דורות צו דורות די קייטן.

צעקנאַלט זיך, עקסטאַטישע שטורעמס,
צעהאָגלט זיך, בליציקע פֿײַלן!
מיר וועלן צעוואַרפֿן די זײַלן
פון אײַערע מעכטיקע טורעמס!

## דאָס ליד פון פרישות

— 1 —

איז מײַן צעל אַ נעסט פֿון זינד און שלאַנגען.
גרויע ווענט מיט שימל אין די שפּאַלטן.
פֿאַלן טויט געשאָכטענע פֿאַרלאַנגען.
פֿאַר די אויגן — זינדיקע געשטאַלטן.

אויפֿן שפּיץ פֿון אויסגעצערטן ווײַזער
פֿון דעם אַלטן גרויען טורעם־זייגער,
איבער קרומע הויקערדיקע הײַזער
הענגט דער מולד [9] ווי אַ בלאָסער פּגר.

---

[8] רערן, קאַנאַלן. — [9] די צײַט ווען ס׳בײַט זיך די לבנה.

נאַכט פֿון דבֿקות ציט זיך לענגער, לענגער.
שאַרפער קוועלט דעם פרוש דער נסיון.
צינדט דער אַלטער גוטער שטערן־הענגער
קאַלטע ליכטער אין דעם רוים דעם בלויען.

אין עקסטאַז פֿון זינדיקע באַגערן
וואַכן־אויף די אָנגעשפּיצטע גלידער.
דעמאָלט גייען־אויף אין מיר ווי שטערן
מײַנע שטילע פרושדיקע לידער.

— 2 —

ווי זאָל איך אויסדריקן, ווי זאָל איך איבערגעבן
מײַן אָרעם לעבן אויפֿן רוישיקן בראָדוויי?
כאָטש אָנהייבן דערפֿון: אויף יעדן ריר־און־דריי
בין איך געצוווּנגען אויסמײַדן אַזוי פֿיל קעבן [10].

עס שמעקט מיט גאַזאָלין, מיט פֿרויענלײַב און שניי.
אויף הימלען נאַכטיקע אוזאָרן [11] ליכטער וועבן.
ווער קאָן באַמערקן דאָ מײַן שטיל־און־אָרעם לעבן,
ווער קאָן דערהערן דאָ דעם פרושס אויסגעשריי?

געקרייציקט הענגט מיין שטאַם אויף טויזנטער בראָדווייען
ווי זאָל איך אויסדריקן די לעצטע שטומע ווייען
פֿון גוסטדיקן שטאַם אויף דײַן אויטאָ־דאַ־פֿע?

ווי זאָל איך אויסמעסטן דײַן חוצפּה און דײַן העזה,
ווען איבער דיר גייט־אויף מײַן וויִאַ דאָלאָראָזאַ: —
מײַן קרומער קרייצוועג: פֿון טעאַטער אין קאַפֿע!

---

[10] אויטאָמאָבילן. — [11] בלומען.



לייב פײַנבערג (רעכטס) באַערט אין ניו־יאָרקער לערער־סעמינאַר, גרשון הײַנער און יוסף מלאָטעק.

# אויפשטאַנד

## פֿעווראַל [1]

...אַנטקעגן דער דומע, בײַם טאַווּרישן שלאָס
האָט עס פּשוט זיך אָנגעהויבן.
ס'האָט שנײַדיק געברענט דער פֿעווראַלער פֿראָסט
און געפֿלאַקערט די שקיעה אויף שויבן.

זײַנען ווײַבער און קינדער פֿון הונגער און נויט
געקומען אין גרויע לאַטעס:
— גיט אונדז שלום און פֿרײַהייט און קליידער און ברויט
און אונדזערע מאַנען און טאַטעס!

און העל האָט געפֿלאַקערט דער הייליקער גרויל
אויף די געלע און מאַטע געזיכטער,
ווען פֿרעמד האָט צעהילכט זיך די ערשטע קויל
איבער קעפּ אַזוי פֿראָסטיק און ניכטער.

האָבן פֿרויען צעעפֿנט די מאָגערע בריסט,
געוויזן די נאַקעטע גלידער:
— נאַט, נעמט אונדזער לעבן! וואָס זאַמט איר? שיסט!
סאָלדאַטן... חבֿרים... ברידער...!

און שנעל איז געוואָקסן און העל זיך צעוויגט
די אומרו אויף גרויע בולוואַרן:
— טויט צו די פֿירערס פֿון שענדלעכן קריג!
טויט צו די בלוטיקע צאַרן!

---

[1] פֿעברואַר (באַרימט פֿון די דעמאָנסטראַציעס אין פּעטערבורג).

און ס׳האָבן זיך אויטאָס געפּאַנצערט אין שטאָל
געראַטשקעוועט ווי טשערעפּאַכעס,
און ס׳האָט איבער הערצער און שטאָט זיך געראָלט,
געקראָכן דער קלעפּיקער פּחד.

האָט אויפגעשטאַנד זיך ברויזיק צעקאָכט און צעברענט,
געשמידט זיך אין הייסע אָטריאַדן[2].
און ראַשיק געבויט האָבן פלאַמיקע הענט
אויף סקווער און אויף ראָג — באַריקאַדן.

פון דעכער אויף קעפּ האָט געזייט פּולעמיאָט
דאָס בליי פון די קוילישע שנורן,
ביז ס׳האָט זיך דערהערט איבער פּראָסטיקער שטאָט
די העלע, די ליכטיקע בשורה:

„געפאַלן דער שונא, געפאַלן דער טראָן,
געבראָכן די אײַזיקע קרײַעס!" —
און ס׳האָט זיך צעפלאַקערט די בלוטיקע פאָן,
ווי שויבן פון פּראָסטיקע שקיעות.

ווען דריטער קאַיאָר האָט אויף גאַסן צעשפּרייט
די זון ווי אַ גאָלדענעם פעכער,
זײַנען קערפּערס פון זעלנערס געהאַנגען טויט,
ווי אײַזיקע פאַנדזן, פון דעכער...

ס׳האָט מאַרט זיך צעשמאָלצן, צעיערט און צעקוועלט
מיט גלײַזיקער זון און מיט פרילינג,
און ס׳האָט אויף דער בראָכשטול די שוואַנגערע וועלט
געבוירן אַ קנופּיקן צווילינג.

— — — — — — — — — — — — — — —

[2] אָפּטיילונגען (מיליטעריש).

און ס׳האָבן זיך טרומנעס געוויגט אין דער ווײַט
איבער קעפּ, איבער כוואַליקע, מידע...
— איר זײַט ווי קרבנות געפֿאַלן אין שטרײַט
אויס ליבע צו אײַערע ברידער!

## אין בהלה

דער שקיעהס בלוט אין רינשטאָקן פֿון אָוונט,
ווי פֿון אַ הרוגס גאָרגל פֿלייצט און קוועלט.
ס׳ווערט יעדער מענטש אונדז פֿרעמד, ס׳ווערט יעדער מענטש אונדז נאָענט,
ווען ס׳גוססט פֿלאַמעדיק אַ קראַנקע וועלט.

די קראַנקע וועלט, ווי אַ צעפרײַכטער בלאָטער,
האָט אויפֿגעפֿלאַצט אין אײַטערדיקער רויט
און ס׳האָט אַ פֿײַערדיק אײַזן אויסגעבראָטן
דאָס רויע ווילדפֿלייש און דעם פֿוילן קויט.

און ווי פֿון אונטערדעק בשעת אַ קאַטאַסטראָפֿע,
ווען ס׳שטויסט זיך אָן די שיף אין באַרג פֿון אײַז,
פֿון אַלע ווינקלען לעכער זײַנען זיך צעלאָפֿן
די גרויע שטשורעס און די פֿעטע מײַז.

און ס׳האָבן אויסגעשטרעקט פֿאַרוואָקסן גרינע זומפּן
צעיאַטערטע און אײַטערדיקע הענט.
און ס׳האָט אַ גלאָק שלאַקרירינ[3] און פֿאַרדומפּן,
צעוויגט זיך אין דער נאַכט:
— גוואַלד!
— עס ברענט!

[3] געליימט.

## שאַטנס

מיסטיקער:

אויף וועמענס באַראָט און מיט וועמענס גנאָד
צינדט זיך און שפּינט זיך די זונענראָד?
און ווער איז דער מושל און ווער איז דער קנעכט,
אַז אַלץ ווערט פאַרצערט אין געהיימען געפעכט?

גלח:

אין הימל איז גאָט, אויף דער ערד איז גאָט,
און מיר זײַנען ווערעם אונטער זײַן טראָט!
טוט, זינדיקע, תשובה, און קניט אין געבעט —
וועט גאָט אײַך פאַרגעבן, ווײַל ס׳איז נאָך ניט שפּעט!

פּריץ:

די ערד, די געבענטשטע מיט שאָף און מיט רינד,
געהערן מוז מיר און מײַן הויזגעזינד.
און דעם פּויער, דעם כאַם, איז פון אייביק באַשערט
צו גראָבן אין שווייס מיטן אַקער די ערד.

אומפּאַרטייִשער אינטעליגענט:

זאָגט זיך אָפּ פון דער וועלט, פון דער פּוילער,
טרייסלט־אָפּ איר שטויב פון די שיך,
נאָר דער מענטש שטייט מיט האַרץ און מיט זוילן
געשמידט צו זײַן אייגענעם „איך״.

בורזשוי:

מיר באַדאַרפן קיין גאָלדענעם גולם,
מיר פאַרהאָסן דעם קייסערס פּאַלאַץ...
נאָר באַפרײַט מען דעם ווילדן עולם,
וועט ער אויסרײַסן אַלץ פונעם פּלאַץ!...

בירגער:

אמת, ס׳איז שיין דער פּרעכטיקער ספּעקטאַקל:
רויטע פאָנען און העלער עקסטאַז.
...מ׳האָט אָבער בײַ מײַן ווײַב דעם פוטער פון קאַראַקול
אַראָפּגעשלעפּט נעכטן אין גאַס...

פּראָסטיטוטקע:

סאַראַ טעג! סאַראַ העלע פּענער!
ס׳וואָלט אַלץ געווען פריילעך און גוט —
האָט מען אַוועקגעשיקט אַלע מענער
אומזיסט צו פאַרגיסן בלוט!

ציוניסט:

נו, גוט, מ׳האָט אָפּגעשאַפט דעם קייסער,
אַ דאַנק דעם אייבערשטן! צופרידן, מהיכא תיתי...
נאָר צ׳ריק גערעדט — וואָס איז דער אונטערשייד:
אַזוינע צי אַן אַנדערע ממשלה,
אַז ייד — בלײַבט ייד,
און גלות — בלײַבט אַלץ גלות...

מענשעוויק:

יאָ, אמת, פרײַנד, ס׳איז ביטער אונדזער דאָליע,
איר זײַט גערעכט. נאָר כאַפּט זיך נישט! פּאַוואָליע!
וואַרט־צו אַ ווײַל! וואָס האָט איר נישט קיין צײַט
איר קאָנט נאָך אויפרייצן די פרומע, אידעלע לײַט...

קולאַק [4]:

הערט נישט, בירגער, די היציקע שטאַמלערס,
איבער אייגענע נוצן וואַכט.

---

[4] פויסט, סינאָנים פון אַרויפגעאַרבעטן און כוח־גייער, בעל־הגוף.

דער דערוויילטער, דער גרינדונג־פֿאַרזאַמלונג —
די גאַנצע, די גאָרע מאַכט!

קערענסקי:

מיר האָבן זיך אָקערשט באַפֿרײַט פֿון שקלאַפֿן,
פֿאַרכאַפּט פֿון שאַצקאַמער דאָס ביסל גאָלד,
געשטירצט דעם צאַר — און אַלץ אַן וואָפֿן —
און ס׳האָט געזיגט דער בלוטלאָזער רעוואָלט.

צום אַלעם ערשטן מוזן מיר באַשאַפֿן
אַן אָרדענונג מיט אַלע לײַטן גלײַך.
דערנאָך דעם... שפּעטער... וועט מען דאַרפֿן
אַ טראַכט טאָן וועגן „אָרעם־רײַך".

דערווײַל נאָך רופֿט צו אונדז די שותּפֿטע איראָפּע,
מיר מוזן פֿירן ביזן סוף דעם קריג.
סאָלדאַטן־בירגערס, מאַרש אין די אָקאָפּעס!
— מלחמה ביזן לעצטן זיג!

פֿויער:

גענוג אונדזער בלוט צו צאַפֿן
און שטאָפּן די בײַכער בײַ אײַך.
לאָמיר, ברידער, די ערד פֿאַרכאַפּן
און צעטיילן זיך גלײַך אויף גלײַך.

מיר האָבן דעם פּרעפּל פֿון כאָרן,
דאָס טעמפּע געזאַנג פֿון דער שווערד —
ס׳וועט דער פּויער אויף אייביקע יאָרן
זײַן דער איינציקער האַר פֿון דער ערד.

לאָמיר גורטן די לענדן, חבֿר,
קעגן פּריץ און גלח און גאָט —
וועט די זון, ווי אַ גאָלדענע פּאַווע,
אונדז אַלעמען שענקען גענאָד.

# אָקטיאַבער[5]

## שׂנאה

ס׳האָט שׂנאה געברענט און געזעטיקט דאָס האַרץ,
ווי קוילן געגליט האָבן בליקן.
ס׳האָט אומרו געוואָיעט, ווי ווינטן אין האַרבסט,
אין דערפֿער, אין שטעט, אין פֿאַבריקן.

און ווילד האָט צעוויגט זיך די קרוינשטאָט אין שרעק
מיט גאָר אירע האַפֿנס און טורעמס,
און ברויזיק געטומלט פֿון עק ביז עק,
ווי האַרבסטיקער וואַלד אין שטורעם.

און שווער האָט געאָטעמט פּעטערס שטאָט,
פֿון צאַרדאָרף ביז פּעטראָפּאַוולאָווסק:
„שוין צײַט זיי באַצאָלן פֿאַר בלוטיקן טראָט,
פֿאַר אַלע, פֿאַר אונדזערע עוולות!“

— חבֿרים, דערוואַכט פֿון געפּענטעטן שלאָף,
שטייט־אויף פֿון אָקאָפּישן שלאַבער:
מ׳האָט אין מײַ אונדז פֿאַרשפּראָכן צום קריג אַ סוף —
און איצט איז שוין שפּעטער אָקטיאַבער!

— פּעווראַל האָט מיט האָפֿענונג געגליט און געברענט,
געצונדן, ווי ליכט פֿאַר אַ תּפֿילה.
נאָר ס׳האָבן פֿאַרראָטן די בלוטיקע הענט
פֿון קערענסקי און פֿון קאָרנילאָוו.

— גענוג אונדז צו הערן די טוכלע רייד
וועגן זיג און שווערדל־פּאָכן.

---

[5] אָקטאָבער איז דער סימבאָל פֿון דער באָלשעוויסטישער רעוואָלוציע, בעת פעברואַר באַצייכנט קערענסקיס מענשעוויסטישע רעוואָלוציע.

מיר פֿאָדערן שלום און ערד און ברויט,
וואָס ס'האָט אונדז פֿעיוראַל פֿאַרשפּראָכן!" —

אויף ברעגן אויף נעווער [6], אויף קאַלטן גראַניט,
געזאָטן האָט שוימיקע פּינע,
נאָר זודיקער נאָך האָבן הערצער געגליט
מיט רויטער, מיט שוימיקער שׂנאה.

און מיט זיכערן טראָט, און מיט שטאָל אין בליק,
און מיט פּשוטע רייד, וואָס ברענען
געגרייט האָט זיך שטיל דער ליסער קאַלמיק —
וולאַדימיר איליטש לענין.

## סמאָלני אינסטיטוט [7]

אין יענעם טאָג פֿון פֿריבאַגין (אויב נייטיק איז און וויכטיק
דעם צופֿאַל צו פֿאַרצייכענען אין פּנקס פֿון געשיכטע!)

געקאַפּעט האָט אַ רעגנדל, אַן עסעריקס און קאַלטס,
אויף טומבעס אויף פּראָספּעקטישע, אויף גלאַנציקן אַספֿאַלט.

היי, ווער האָט גאַסן ליידיקע, ווער האָט פּוסטע סקווערן
אָנגעפֿילט מיט קוילגעבראַזג, מיט קראַך פֿון רעוואָלווערן?

ווער האָט דאָס אַ לאָז געטאָן אויף קרוינשטאָט אין גאַלאָפּ
דעם ריַיטערמאַן, דעם קופּערנעם, מיט שטורעמדיקן קאָפּ?

ווער האָט אין קרוינשטאָט כמאַריקער און ווער אויף ברעגן נעווער
אין נאַכט, אין שרעק און פֿינצטערניש זיך הייזעריק צערעוועט?

---

[6] דער טײַך וואָס שנײַדט־דורך פּעטערבורג, פֿאַרביטן צו ערשט אויף פּעט־ראָגראַד און שפּעטער אויף לענינגראַד. — [7] דער שטאַב פֿון באָלשעוויסטישן אויפֿשטאַנד אין מאָסקווע.

און ווער האָט עס אַרויסגעיאָגט אין טײַוולישן געוועט
פֿון סליאָטעס פעטראָגראַדישע דעם זומפּעדיקן שד? . . .

דאָס האָבן זיך צעבונטעוועט די רויטע עשאַלאָנען
מיט פֿלאַקערדיקע פּנימער און פֿלאַטערדיקע פֿאָנען.

איבער סומנע רינשטאָקן רינען ריקעס בלוט,
ציִען זיך, ווי פֿעדעמער, צום סמאָלני אינסטיטוט . . .

פֿון קראָנשטאַדט ביז גאַטשינאַ, אויף ברייטן און אויף לענגן,
איז אײַנגעקלאַמערט פּעטראָגראַד אין שטאָלענע אָפּצוונגעס.

בלויז אין סמאָלנים צימערן, אויף טרעפּ אין קאָרידאָר
איז שטילשווײַג און דערוואַרטעניש און שיפּעדיקער שאָרך.

אין יענער נאַכט געשמידט האָט זיך אַהינטער סמאָלנים טויערל
אויף שפּעטע יאָרהונדערטער דער וועלטס און רוסלאַנדס גורל.

## אין מאָסקווע

אין דער שניי־פֿאַרקאָוועטער, אין דער קרוינשטאָט מאָסקווע,
פֿרירן גאַסן ליידיקע מיט טומבעס און קיאָסקן.

פֿײַפֿן ווינטן אײַזיקע, עסעריק און דול,
שטיל בײַם שײַטער וואַרעמט זיך אַ נאַכטיקער פּאַטרול.

ס'האָבן לאַנג שוין אָפּגערוישט בײַטאָגעדיקע קלאַנגען,
ס'זײַנען לאַנג שוין וואַרט־שורות אין אומעט זיך צעגאַנגען,

ס'איז שוין לאַנג פֿאַרשווונדן דער לעצטינקער טראַמווײַ,
אַ קלונג געטאָן, אַ שפּרונג געטאָן און ווײַטער — און פֿאַרבײַ.

בלויז אין רויטן קרעמל העלע ליכטער ברענען,
איבער לאַנד צעבויטעטן וואַכט דער חבֿר לענין,

איבער שטורעמס גרויליקע, צווישן ריף און ריף,
פֿירט דער רויטער לאַצמאַן די וואַקלדיקע שיף.

אײַנגעהילט אין ראָגעזשעס, אין בורקעס און ברעזענטן,
פֿירן די פּאַטרולן בײַ שײַטערלעך צעברענטע.

ס'האָט זיי ווער אַוועקגעשטעלט אין קרירה און אין קעלט,
היטן זיי דעם ווייגעבורט פֿון אַ נײַער וועלט...

אין אַ נאַכט אַ פֿראָסטיקער, אין אַ נאַכט אַזוינער
דראָעט פֿון יעדן טורעמשפּיץ דער לאָקערדיקער שׂונא.

דאַרף מען אויגן אָנשפּיצן, דאַרף מען האַלטן וואַך
אין אַזאַ פֿאַרשאָלטענער און עסעריקער נאַכט.

איבער קרוינשטאָט מאָסקווע פֿײַפֿן זאַווערוכעס,
ווי די שדים וואָיעווען, טאַנצן ווי די רוחות;

סמאַליען ווינטן פֿראָסטיקע, שׂרפֿנדיק און דול,
שטאַרן, פֿרירן הענט און פֿיס בײַם נאַכטיקן פּאַטרול.

שפּאַנען צוויי חבֿרים, הפֿקרדיקע יאַטן,
שיך צעלעכצטע, אָפּענע, פֿאַרבונדן מיט שפּאַגאַטן;

שפּאַנען איבער מאָסקווע־שטאָט אַ וואָך מיט אַ מעת־לעת
קאָליאַ פֿון קאַלוגע און ניומאַ פֿון אָדעס.

בײַטן מיט פּאַראָלן זיך די נאַכטיקע פּאַטרולן:
„גוטן־אָוונט, רויטע ברידערלעך פֿון פענזע און פֿון טולע".

— פֿון אַלע שטילע ווינקלען, אויף קײַלעכדיקער ערד,
געקומען זײַט איר גרייטע, פֿאַרקליבן זיך אַהער.

— היט איר דאָ, חבֿרים, פֿאַר שפּעטערדיקע צײַטן
דעם פֿלאַם דעם טויזנטיעריקן בײַם פֿלאַקערדיקן שײַטער!

— לאָזט זשע זיך דערוואַרעמען בײַם הייסינקן קאַמין,
לאָזט זשע אונדז פֿאַררייכערן אַ ציגאַרעל טוטין!

לאַכן רויטאַרמייערס מיט שטשירענדיקע ציינער:
— אַט לצנים, ברידערלעך, אַזוינע און אַזוינע...

— געקומען פֿון דער־שד־ווייס־ווו צו אונדזער הייסן זשאַר
אין אַ קאַלטער נאַכט אַזאַ פֿאַררייכן אַ ציגאַר!

לאַכן רויטאַרמייערס, רייכערן און שמועסן,
טיילן זיך דערמונטערטע מיט פֿײַער און מיט גרוסן.

ערשט געשטאַרט פֿאַרצווייפֿלטע פֿון קרירהדיקן גלות,
און ווידער ברויזט און קײַקלט זיך אין אַדערלעך דאָס בלוט.

שפּאַנען צוויי חבֿרים אויף ווײַטערע שליחות
אַנטקעגן ווינטן פֿראָסטיקע און צפֿונדיקע וויכערס.

שפּאַנען ווײַטער יאַטן... זייערס אָפּגעטאָן —
פֿלאַטערט איבער הייסע קעפּ קרעמלס רויטע פֿאָן...

## אין דער אייביקייט

דאָס ביקסל אויף די אַקסלען,
דאָס היטל אויף אַ זײַט,
שנײַדט די פֿוילע אַקסן
פֿון דער אייביקייט!

מיט גריוועס ווילד באַוואַקסן
אויף קרומע וועגן רײַט,
צוימט די ווילדע אַקסן
פֿון דער אייביקייט!

מיר זײַנען די געוויקסן
פֿון דער נײַער צײַט.
חבֿרים, שפּאַרט די ביקסן
אין דער אייביקייט!

# הײדאַמאַקעס

## שטעטל

פון פאָרנט אַ שליאַך און פון אונטן אַ שליאַך,
און אַ שטעטל אַ ייִדישס אין מיטן.
פאַר אַ טאָג מיט אַ נאַכט, וועסט נישט גרייכן קיין קראַך,
ניט מיט פור, ניט מיט שליטן.

לויפן וועגן אויף בערג, פירן שטויביק און גרוי
צו אַ דײַטשישער קאָלאָניע.
ליגט דאָס שטעטל אין טאָל, ווי אַ ריזיקע פלוי
אויף אַ ברודיקער דלאָניע.

גלאָצן פעלדער אַרום, אָפּגעקאָסעט און בלויז,
ווי נאַקעטע פליכעס.
ליגט אויף הפקר דאָס שטעטל מיט שטייגערנער קלויז
און מיט שטרויענע סטריכעס.

לויפן ייִדן אין שרעק, שמײַען הער־און־אַהין
ווי צעפלאָשעטע רינדער.
פון באַגין ביז באַגין גרייט זיך שטעטל פילשטין
אויף רויב און אויף פלינדער.

סײַ בײַ טאָג, סײַ בײַ נאַכט, האַלט סכנה איר וואַך
מיט פחד און גרוילן.
און עס פלאַטערט אַ האַרץ אונטער יעטווידן דאַך
פאַר העק און פאַר קוילן.

אָטעמט שטעטל מיט שרעק, דעכעט שטעטל מיט האַרבסט,
מיט פעך און מיט רויכן.
אין אַ בלײַערנער צוואַנג גוססט שטעטל און שטאַרבט
אונטער שטראָף פון דער תוכחה.

פּיבערט שטעטל אין היץ, ליגט דאָס שטעטל אין תּל,
צעפּוילט ביז דער שפּענטע.
ס׳מוז דאָס קרעציקע שטעטל פֿון קרעציקער וועלט
פֿאַרשווינדן אויף שטענדיק.

## פון „רויטאַרמייער"

### נישטאָ קיין צײַט צו טרויערן...

פּליט פֿאָרויס דער פּאַנצערצוג, פּליִען צוגן הינטן —
ווער וועט גיכער אָנקומען: די צוגן צי די ווינטן?
פּליִען שנעל די צוגווינטן — געוועזן איז אַ פּריקאַז [8]:
„צו אַלעמען... צו אַלעמען... פֿאַרטיידיקן דאָנבאַס [9]!"
ס׳גייט די אַלטע וועלט צו קינד אין בלוטן און אין שווייסן...
ס׳הײַנט געוועזן אַ הייסע שלאַכט, וועט מאָרגן זײַן נאָך הייסער —
נישטאָ קיין צײַט צו טרויערן, אַראָפּלאָזן די קעפּ —
קײַקלט זיך דער פּאַנצערצוג איבער הוילן סטעפּ.
נישטאָ קיין צײַט צו טרויערן, אַראָפּלאָזן די קעפּ —
קײַקלט זיך דער פּאַנצערצוג איבער הוילן סטעפּ.
קילע מאָרגנס גליווערן, הייסע שקיעות צאַנקען,
אין טיעפּלושקעס [10] אָקסענע דרינדזשען די טאַליאַנקעס [11].
צווישן העמדער קויטיקע, צווישן לײַז און שווייס
זינגען שטימען ברוסטיקע, קוילערן זיך הייס:

„עך, דו עפּעלע,
ווײַסע יונקערן,
וועסט פֿאַרפּליִען אויף דאָנבאַס,
וועסט זיך שוין נישט אומקערן!"...

---

[8] באַפֿעל. — [9] קוילן־געגנט. — [10] וואַגאָנען פֿאַר בהמות. — [11] האַרמאָניקעס.

## פֿון „דרייסיק יאָר“

### אויטאָביאָגראַפֿישע פּאָעמע

צו דרײַצן יאָר האָב איך געשמט שוין פֿאַר אַן עילוי,
געלערנט פֿלײַסיק זיך, געזוברעוועט לאַטײַן:
געקאָנט אויף אויסנווייניק נאַזאָנען און ווירגילן,
געזופּט בײַ קלאַסיקערס דעם אַלטן, גוטן ווײַן.

צו פֿופֿצן האָבן שוין אויף מיר געלויערט
די שטומע פֿרייד פֿון ליד, דער זיסער ליבע־סוד:
געווען פֿאַרליבט אין לענסקיס צאַרטן טרויער,
אָניעגינען געהאַלטן פֿאַר אַ גאָט.

די ערשטע ליבע האָט דאָס האַרץ צעשמעטערט
בײַם יונגן סקעפּטיקער און דאָן־זשואַן:
כ'האָב דעמאָלט לערמאָנטאָווס פּעטשאָרינען פֿאַרגעטערט
און טשאַצקין נאָכגעמאַכט מיט יוגנטוואַן.

צו זיבעצן געטרוימט פֿון בײַראָנס טשײַלד העראָלדן,
מיט האַמלעטן געגריבלט זיך אין סוד פֿון זײַן.
די צוקונפֿט האָט געשײַנט ווי פֿאַרבנרײַכע טראָלדן,
די קעגנוואַרט — ווי טונק'לער אָונטשײַן.

די זיסע גאָליקייט פֿון נישט־דערגרייכטער ליבע
האָט פֿרי אין מיר געוועקט די האַרבע פֿרייד פֿון ליד:
ס'איז גוט געווען אַזוי אין פּײַן און פֿרעמדע שטיבער
פֿאַרטונקען אין געזאַנג מײַן טרויעריק געמיט.

כ׳האָב איַינגעזאַפּט אין זיך די אַלע האַרבע ריחות,  
דעם דופּט פֿון פֿרעמדער שפּראַך, דעם סם פֿון פֿרעמדן קוואַל:  
געטרוימט אַמאָל פֿאַרמעסטן זיך אין כּוחות  
מיט אַלעקסאַנדער סערגייעװיטש פּושקין־האַניבאַל.

געלערנט פּרישות און רעוואָלט ביַים „אינקוויזיטאָר״,  
אין דאָסטאָיעווסקיס שטורעמליד פֿון אויפֿברויז און פֿון צער,  
טורגעניעווס „רודין״ און נעקראַסאָווס „ריטער״  
געשטאַלטיקט האָבן מיך, דעם פּרוש און בונטאַר.

געוועזן מיט סאָלאָוויאָוון פּרושדיק אַסקעטיש,  
געטרונקען האַרץ און זעל אין בלענדנדיקער שיַין  
פֿון קלוגער סאָפֿיע, זיַין מיסטיש פֿרומען פֿעטיש,  
וואָס ער האָט אויסגעטרוימט פֿון רוסלאַנדס שטומען פּיַין.

דעם סוד פֿון ליד געלערנט ביַי וואַלערי בריוסאָוו,  
דעם פֿערזגעבוי ביַי טיוטשעוו און ביַי פֿעט.  
איך האָב געברענט מיט גלויבן, אַז דאָס נײַע רוסלאַנד  
געפֿינען וועט אין מיר זיַין נביא און פּאָעט.

דאָס זוניקע געזאַנג פֿון שפּילעוודיקן באַלמאָנט  
געקלונגען האָט אין האַרצן ווי אַ פֿרילינגגלאָק.  
באַנומען סאָלאָגובס אין גאַל געטונקטע פּסאַלמען,  
דאָס וויַין און שנייִק ליד פֿון אויפֿגעברויזטן בלאָק.

און ליב איז מיר געווען זיַין פֿערז, אויף שוואַרצן סאַמעט  
אַ גאָלדיקער און פֿיַיערדיקער פּאַס,  
פֿון לידער־מעסן צו דער „שענסטער דאַמע״  
דער זינדיקער, געליַיטערטער עקסטאַז.

מיט איגאָר סעווערייאַנינס פּרעכטיקע פּאָעזן,  
מיט שורות לויטערע פֿון ראָנדאָ און גאַזעל,  
מיט פֿערזן זינגעוודיקע און פּאָמפּעזע

איז פֿול געווען מײַן פֿלאַמעדיקע זעל.

— — — — — — — — — — — — — —

ס׳איז דאַן אַ צײַט געווען אַזאַ, די צײַט נאָך נײַנצן פֿינף,
ווען אומעטום געהערשט האָט גרויזאַמער טעראָר —
ווער קען פֿאַרגעסן זיי, צעפֿרעסענע פֿון שׂנאה,
פֿון שוואַרצן אומקום וואַנזיניקע יאָר?!

אַנטוישט אין אַלץ, פֿאַראורטלט און דערשיטערט,
ווי שטומע פֿייגל נאָך אַ שטורעמווינט,
האָט יוגנט געטער נעכטיקע צעשפּליטערט,
געזוכט פֿאַרגעסן זיך אין אויסגעקלערטער זינד.

געווען אַ צײַט אַזאַ, ווען ס׳האָט געבלענדט דער ווילטאָג,
פֿאַרזונקען אַלץ אין דין פּערווערזער לוסט.
ס׳האָט דעמאָלט „סאַנין״ איבער האַרץ און זעל געוועלטיקט,
און מוחות האָט געשטיקט דער טשאַד פֿון זנות.

ס׳האָט יעדער איינער דאַן מיט חוצפּה און מיט רשעות
דעם ריינעם קוואַל אין זיך פֿאַרמיסטיקט און צעשטערט.
נאָר צווישן ווייניקע האָב איך דעם רוף צו פּרישות
און צו דערלײַטערונג אין שטומער זעל דערהערט.

איך האָב געחבֿרט זיך מיט פּרושים און הולטײַעס,
די לענג און ברייט פֿון לאַנד געמאָסטן האָבן שיך.
און פֿונעם קלויסטערשוועל און ביזן נפֿקה־בית
האָב איך געזוכט, דעם איינציקן, דעם וועג צו זיך.

מיט סטאַרצעס [1] רוסישע געקלאַפּט אין קלויסטערטירן,
געקניט פֿאַר יעזוסן אויף יעדן וועג און פֿלוין,
געזוכט אַ גאָט בײַם ליכט פֿון דומפּיקע טראַקטירן
אין יעדן שיכּורן, פֿאַרדעכטיקן פּאַרשוין.

---

[1] זקנים.

געזוכט בײַ זיי מײַן שטילן ברודער ישו,
וואָס האָט פֿאַרבלאָנדזשעט אויף אַ פֿרעמדן קרייץ.
איך האָב בײַ זיך געטראַכט, אַז ס׳וואָלט געווען אַ יושר
פֿון זיי אים אויסלייזן — דערנענטערן דעם קץ.

כ׳האָב נישט געקאָנט אין זיך די לוסט דערשטיקן,
די טריפֿע לוסט פֿון זינדיקן פֿאַרבאָט:
ס׳האָט זינקענדיקע זעל געזוכט אַ תּיקון
און ס׳האָט אַ גלייביק האַרץ געבענקט נאָך גאָט.

כ׳בין יונג געווען און גלייביק — גאָט איז מיר אַן עדות!
געלויערט האָט דער שמד אויף מײַן באַטריבטער זעל.
נישט אַנדערש, נאָר דער זכות פֿון מײַנע פֿרומע זיידעס
איז בײַגעשטאַנען מיר בײַם ראַנד פֿון לעצטער שוועל.

מיט יאָרן שפּעטער איז די טרייסט געקומען,
די האַרבע פֿרייד פֿון אויסגעוועפּטן פּײַן,
דערגאַנגען אַז נישט אַלץ וואָס שמעקט איז בלומען,
נישט אַלץ וואָס יערט איז ברויזנדיקער ווײַן.

איך האָב געלערנט פֿיל מיט יאָרן שפּעטער.
מײַן גלויבן איז געווען ווי פֿעלדזיקער גראַניט.
איך האָב ניט איין מאָל זיך געבוקט צו פֿרעמדע געטער,
נאָר ס׳האָט געעקשנט זיך אין מיר דער ייִד.

אַזוי האָט זיך דאָס ראָד פֿון צײַט געקײַקלט
אַ מאָל אין קרײַז פֿון זון, אַ מאָל בײַם ראַנד פֿון תּהום,
און ס׳האָבן יאָרן איבער האַרץ און לײַב געפּײַקלט,
ווי ס׳קלאַפּט אין פֿעלדזנשטיין דער חוצפּהדיקער שוים.

# אונדזער ליד

אונדזער לעבן איז אָרעם און וויסט
און געזעטיקט מיט פּײַן און מיט ווייען,
נאָר ס׳איז ליבער דאָס היימישע מיסט
פֿון דעם קויטיקן גאָלד אויף בראָדווייען.

אונדזער וועלט איז פֿאַרדומפּן און ענג,
און געקלאַמערט אין ווערטער־שינעס,
און עס גליִען אין הערצער־געדרענג
הייסע קוילן פֿון שוואַרצער קנאה.

אָבער טיף אונטער ברודיקן שטאָל
פֿון ווערטער, פֿון גאַליקע, בייזע,
פֿליסט אַ ריינער און לויטערער קוואַל —
אונדזער ליד, אונדזער העלער דערלייזער.

ס׳איז געשטופּלט דאָס פּנים פֿון שטאָט
און צעאַקערט מיט שטאָלענע קאַרבן,
נאָר עס רײַפֿט אונדזער ליד מיט גענאָד
איבער טעג, ווי די גאָלדענע גאַרבן.

זאָל די שטאָט, ווי אַ האָריקע שפּין,
רויטע זאַפֿטן פֿון האַרצן זויגן
אונדזער ליד, ווי אַ גלייביק קינד
מיט צעבליטע און ליכטיקע אויגן.

אונדזער לעבן איז אָרעם און וויסט
און געזעטיקט מיט פּײַן און מיט ווייען,
נאָר ס׳איז ליבער דאָס היימישע מיסט
פֿון דעם קויטיקן גאָלד אויף בראָדווייען.

1928

## אויף אַ ווייל

כ׳בין געקומען, אַן אורח אַ מידער,
צו פֿאַרבלײַבן מיט אײַך אויף אַ ווײַל,
און ס׳האָט מיך און מײַנע לידער
ניט געשווינט אײַער גיפֿטיקע פֿײַל.

ס׳האָט פֿאַרסמט אײַער פֿלאַכער ביטול
און פֿון פֿרײַנדלעכע רייד — די גאַל,
און געפֿאַלן איז אַיעדער ריטל
אויף מײַן האַרץ ווי אַ בײַטשנקנאַל.

ס׳הענגט מײַן גורל אויפֿן העכסטן שטאַפּל
פֿון פֿראָסטיקן אויטאָ־דאַ־פֿע,
און איך זיץ דאָ מיט אײַך און פּלאַפּל
בײַם טיש פֿון פֿאַררייכטן קאַפֿע.

כ׳הער מיך צו מיט פּײַן, מיט באַשערטער,
און מיט שמייכל פֿון צווייפֿל און צער
צו די פֿלאַכע, צעשויבערטע ווערטער
פֿון דעם גרויען, פֿאַרוועלקטן בונטאַר.

און מיט עקל און האַס געשוועסטערט,
וואָס פֿאַרצערן מײַן מידן גוף,
הער איך אויס ווי עס חוזקט און לעסטערט
דער סקעפּטיקער און בעל־גוף.

און אַז אַלע פֿון מיר אַנטרינען,
און ס׳פֿאַרגייט דער שטויביקער רעש,
בלײַב איך איינער אַליין ביז באַגינען
איבערן טעצל ציגאַרן־אַש.

װען ס'װעט אָפּהילכן שאַרף און בולט
דער רוף װי דער לעצטער אַקאָרד,
װעט דער װײַזער פֿונעם בלאָסן מולד
מיר צייכ'נען דעם װעג צו נאָרד.

1927

## מיינע פריינד

אַלע איר, מײַנע געכטיקע פֿרײַנד,
מײַנע האַרציקע, טרײַע און נאָנטע,
קומט צו פֿוס, קומט צו רײַטן הײַנט,
אין דעם טאָג פֿון מײַן שוואַרצן יום־טובֿ.

שלעפּט־צונויף זיך מיט װײַב און מיט קינד,
מיט די אָרעמע בעטלער־קלומקעס,
און צעבילט זיך װי לבֿנהשע הינט
אין דער נאַכט פֿון מײַן אײנזאַמען אומקום.

בײַסט זיך אײַן, בײַסט זיך אײַן אין מײַן קעל
מיט צעשטשירעטע, בייזע ציינער —
ס'איז פֿאַרלאָזן און הפֿקר מײַן שװעל,
ס'װעט צו הילף מיר נישט קומען קיינער.

כ'בין פֿאַרשאָלטן פֿון גאָט און פֿון לײַט,
און פֿאַרראָטן האָבן פֿרײַנד װי שׂונאים.
זאַמלט גאַל אויפֿן גומען — און שפּײַט
אין מײַן אָפּן און ליכטיק פּנים.

אָבער װאָס זאָלט איר, הילפֿלאָזע, טאָן
מיט מיר, אַזאַ שטאָלצן עקשן,
אַז מײַן קאָפּ איז פֿון אײביק אָן
דערהויבן איבער אַלע אַקסלען?

מיר איז גוט, מיר איז גוט, מיר איז גוט
מיט מײַן פּײַן ווי מיט ווײַן זיך פֿאַרכלינען
און פֿאַרגיסן מײַן קריגעריש בלוט
מיט דער שוואַרצער, מיט אײַער שׂנאה.

יובלט, פֿרײַנד מײַנע, יובלט ווילד,
זאָלן שׂונאים פֿון ווילטאָג טאַנצן —
ס׳איז מײַן וואָרט ווי אַ קופּערנער שילד,
ס׳איז מײַן ליד ווי אַ שטאָלענער פּאַנצער.

דעצעמבער 1927

## צוריקקער

...כ׳האָב נישט געקענט אין פֿרעמדן לאַנד דערשטיקן
די הייסע בענקשאַפֿט נאָך מײַן ווײַטער היים —
ס׳האָט האַרץ געבענקט נאָך וואָרצלען און יניקה,
ווי ס׳בענקט אַן אָפּגעהאַקטער צווײַג נאָך בוים.

# אין בערשאַדער וואַלד

געווען איז עס יולי דער ערשטער
אין זומער פֿון זעכצנטן יאָר,
ווען בלאַנק האָט אין וואַלד נעבן בערשאַד
זיך באַגעגנט מיט געניאַ שאָר.

ס׳האָט געררייכערט זיך בלויער דעמער,
ווי אַן אָפּפֿער אויף וואַלדישן זוים,
און ס׳האָבן געהויערט ווי לעמער
די שאָטנס פֿון בוש און פֿון בוים.

פֿאַרטיפֿט אין דעם וואַלדישן שווײַגן,
האָט בלאַנק אויף אַ שטעג זיך פֿאַרדרייט,
ווען ער האָט אין געפֿלעכט פֿון צווײַגן
דערזען איר צעווייעט קלייד.

אויף די אַקסלען — אַ פּויערשע כוסטקע [1],
אין די האָר אַ פּאָר קרענצלעך פֿון דרען [2],
און ס׳האָט זיך אַ צווײַגיק כליסטיקל [3]
געטריפֿעט אין אירע הענט.

געווען איז דאָס אַ וואַלדיקע שטעגל
מיט בושעס באַזוימט און שמאָל...
געקומען איז זי אים אַנטקעגן
און זיך פּלוצעם צעלאַכט אויפֿן קול:

---

[1] אַ טיכל. — [2] רויטע יאַגדעס. — [3] בײַטשל.

— דאָס זײַט איר דער פּאָעט פֿון מאָסקווע,
דער שטעטלשער דאָן־זשואַן ?...
וואָס זשע שטייט איר אויף סטעזשקע, אויף ראָסיקער,
פֿאַרשטיינערט ווי אַ טשורבאַן[4] ?...

— וואָס זשע קוקן מיר אָן זיך ווי הענער
און ס'רירט זיך נישט קיינער פֿון אָרט ?...
און די גאָלדענע אויגן ברענען,
ווי בײַם וואַלד־שד, בײַ גניאַ שאָר...

אַ ווײַל איז ער שטום און קלאָציש
געשטאַנען בײַם שטעג פֿאַרגאַפּט...
נאָר געוועזן איז זײַן ענטפֿער שקאָציש,
געוועזן איז זײַן ענטפֿער שאַרף:

— דאָס זײַט איר, מלך שאָרס בת־יחידה
אַוודאי... ווי דען ?... געהערט...
ס'דערציילן די היגע ייִדן
וועגן אײַך דאָ גאַנצע בערג...

— און אַפֿילו די שטעטלשע קוימענס
ווײַזן־אָן אויף אײַך, לוסטיק און ליב:
— אָט גייט זי, די בערשאַדער שולמית,
דעם שטעטלס „ענפֿאַן טעריבל״...

נאָר אײדער ס'האָט דוד פֿאַרענדיקט
זײַן שקאָצישן צעפּאַלאָך[5]
האָט איר כליסטיקל, בליציק און בלענדיק,
געטאָן איבער אים אַ פּאָך...

---

[4] פלאָקן, אַ קלאָץ. — [5] צעלאָזן זיך.

און געברענט האָט אין אויגן, אין כעסיקע,
אַ ווילדער דעמאָנישער פֿלאַם,
ווען זי האָט זײַן פּנים געפּאַסעוועט
אַ בלוטיקן שראַם נאָך אַ שראַם...

געשמעקט האָט מיט וואַלדישע זאַפּטן,
מיט סמאָלע, מיט הנאי און מיט קרייץ...
ער האָט זי אַ הייב אין דער לופֿטן
געטאָן ווי אַ קינד אַ פֿאַרשײַטס...

ס'האָט די שטילקייט געשאַלט און געזשומעט
ווי אַ נימף אויף אַ וואַלדישער פֿלייט...
און עס האָט ווי אַ פֿאָן פֿון בלומען
געווייעט איר וואַרעם קלייד...

ס'האָט שוין מילכוועג צעשאָטן די זשמעניעס
פֿון זילבערנער שפּרײַ אין דער נאַכט,
ווען ער האָט די פֿאַרחלשטע געניאַ
צו אַ וואַלדיקער פּוסטקע געבראַכט.

געשמעקט מיט יאַסמין האָט די פּוסטקע,
מיט ווילדגראָז די צווײַגיקע ווענט —
און געפֿלאַמט האָבן הערצער לוסטיקע,
פֿון תאווה, פֿון ערשטער, פֿאַרברענט.

ס'האָבן ליפּן, ווי הייסע דראָטן,
געשרפֿעט אין גלי פֿון באַגין,
און זיס איז געווען אין אָטעם,
ווי בלעטלעך פֿון טערפּקן יאַסמין.

*

ווער ווייסט נישט דעם טערפּקן תּענוג
פֿון ליבעס ערשטן ביס:

מיט טעג ווי די מילגרוימען ווײַניק,
מיט נעכט, ווי פֿלאָדן זיס!...

ווער וויסט נישט, ווי פֿריידיק זיך שטרעקן
צוויי הערצער אין ליבעווי!...
איז די פּוסטקע געוואָרן אַ מעקאַ
פֿאַר זיי, פֿאַר פּילגער צוויי...

און נישט איין מאָל האָט דאָרט געטראָפֿן
דאָס ראָזעווע אויג פֿון באַגין
צוויי ליבער פֿאַרשיכורט שלאָפֿן
אויף סאַמעטן בעט פֿון יאַסמין.

געוועזן איז דאָס לעבן ס׳גאַנצע,
ווי בוימאייל אויף וואַסער — קלאָר:
ס׳האָט געניאַ געציילט דרײַ און צוואַנציק
און דוד קוים נײַנצן יאָר.

איז געקומען דער האַרבסט אין שטעטל
מיט ווינטן און בלעטערפֿאַל,
מיט גאָלד אויף צעפּוילטע שטאַכעטן
מיט קופּער אויף סטעזשקעס פֿון וואַלד.

אַדיע, זומערנאַכט, זילבער ראָסיקע,
אַדיע, איר גינגאָלדענע טעג!
ס׳איז צײַט שוין צוריק קיין מאָסקווע...
שוין צײַט זיך צו קלײַבן אין וועג...

### שיידונג

געוועזן איז שוין אָנהייב אָקטיאַבער,
געשמעקט האָט מיט הנאָי און מיט טמין,
זײַנען נעכט געשטאַנען ראַבע
און טעג ווי געפּלעקטער בורשטין.

איז געקומען דער טאָג פֿון שיידונג,
איז געקומען די לעצטע נאַכט...
פֿון דער פּוסטקע געגאַנגעןביידע
זײַנען זיי איבער וואַלדיקן שליאַך.

געשמעקט האָט מיט פֿוילער שוואַרצערד,
מיט קיזל [6] און מיט פֿרישן היי...
געוועזן איז אים שווער אויפֿן האַרצן
פֿון האַרבסטיקן ליבעווי.

און אַזוי אין געצערטלטן טרויער,
אין געפּײַניקטן ליבעבראַוז
האָבן זיי זיך דערנענטערט צום טויער
פֿון איר טאַטנס ציגעלנעם הויז.

און פּלוצעם האָט אין מוח צעבליצט זיך
אַ געדאַנק אַזאַ, שאַרף ווי שטאָל:
אַז אַזוינע, ווי געניאַ איז איצטער,
זעט ער אפֿשר צום לעצטן מאָל...

און ס׳האָבן ווי בליצן די ווערטער
געשפּיזלט דאָס לײַב פֿון דער נאַכט:
— זײַ מײַן כלה, מײַן ווײַב, מײַן באַשערטע
אויפֿן שטיינערנעם לעבנשליאַך!...

ס׳איז אומעט אַזוי פֿיל געגעבן
אין אונדזער, אין היגן לאַנד,
איז לאָמיר אַרויסגיין אין לעבן
צוזאַמען — האַנט אין האַנט!...

---

[6] אָפּפֿאַל פֿון בהמות.

איך ווייס, ס׳וועלן האַרץ מײַנס קריצן
הייסע שפּיזלען פֿון פּײַן און פֿון שפּאָט,
נאָר מיט דיר, געבן דיר, מײַן באַשיצערין,
וועט אַדלעריש זײַן מײַן טראָט!...

זי׳ז געשטאַנען אײַנגעבויגן
אונטער האָגל פֿון זײַנע רייד —
און ס׳האָבן געבליצט אירע אויגן
מיט ליבע, מיט פּײַן און באַשייד:

— כ׳האָב געטרוימט פֿון מײַן יוגנט, מײַן פּריסטער,
זײַן געליבטע און קיין מאָל ווײַב
און דערגרייכן דעם ראַנג פֿון פּריסטערין
אין טעמפּל פֿון באַפֿרײַטן לײַב...

און דו אין דײַן ליבע, דײַן בלינדער,
ווילסט פֿאַרהאַקן פֿון טעמפּל די טיר:
הייראַטן!... און האָבן קינדער!...
ניין!... מוחל!... ס׳איז נישט פֿאַר מיר...

ס׳איז די ליבע פֿאַר מיר בלויז אַ ביסן,
פֿאַר מיר איז אַ מאַן בלויז אַ נאַש,
אַ זופּ — און אַוועקגעשמיסן,
ווי אַן אויסגעטרונקענע פֿלאַש...

און דיר איז, מײַן ליבער יינגל,
אַ ליכטיקער גורל באַשערט...
איך גלייב: ס׳וועט דײַן נאָמען קלינגען
ווי אַ גלאָק איבער גאָר דער ערד...

ביסט נאָך יונג... נאָר איך שפּיר, ווי עס יערט שוין
דײַן שם איבער לענדער און שטעט.
ווער ווייס: אפֿשר וועט דיר באַשערט זײַן
ווערן רוסלאַנדס גרעסטער פּאָעט?...

כ׳וואָלט גליקלעך געווען, ווען אויף ביידן
וואָלט געשײַנט דײַן מעטעאָר,
נאָר איך בין אַ צעבאַלעוועט מיידל
און בין נישט פאַר דיר קיין פּאָר...

מײַן לעבן איז זײַדענע שמאַכטעס
און אַ דימענטענער בראַסלעט...
איך בין אַ נגידישע טאָכטער
און דו — ביסט אַן אָרעמער פּאָעט.

איז דעריבער, מײַן נאַרישער בחור,
דײַן האַרץ פון פרויען היט,
אַז אין לעבנס, אין שטורעמבראָכן
זאָל די ליבע ניט שטערן דײַן ליד...

דו ווייסט דאָך, וואָס פּושקין געשריבן
האָט אין ספּאַזמישן ליבעווי:
וואָס ווייניקער פרויען מיר ליבן,
אַלץ מער געפעלן מיר זיי...

און ווילסטו ווען, דוד, דערגרייכן
דעם פּאַרפישופטן שטערן נוד,
אויפן וועג צו די העכסטע הייכן
גיי אַליין — נישט זאַלבעצווייט!

געוואָלט האָט ער רחמים בעטן,
אַז אַן איר איז צום לעבן אַ סוף...
נאָר ס׳האָט זיך אויף גרויע שטאַכעטן
געטריפעט זײַן האַרץ, ווי אַן עוף...

ס׳האָבן רגעס געקלונגען ווי גאָנגן
און ס׳בלוט האָט געגליט ווי טשוהון —

און ס׳איז ווי זײַן האַרץ געהאָנגען
דער באַגין — אַ געשאָכטענע הון...

*

אויף מאָרגן האָט דוד באַקומען
אַ בריוול אויף ראָז פּאַפּיר:
„פֿאַרגעס דעם בײַנאַכטיקן אומעט,
הײַנט אָוונט קום ווידער צו מיר״.

נאָר ס׳האַרץ איז געוועזן שוין צעשמעטערט,
ווי אויף שטײנערנע שפּיצן אַ קרוג...
האָט בײַ נאַכט אים פֿון בלאָטיקן ברעשאַד
שוין געטראָגן קיין מאָסקווע דער צוג.

און פֿאַרבליבן איז אויף אײביק דער זומער
מיט דער פּוסטקע אין ברעשאַדער וואַלד,
ווי דער טעם פֿון אַ רויז אויפֿן גומען,
ווי אויף ליפּן אַ טראָפּן גאַל...

## אויפֿן בראָכשטול

...אין אַנגסטן, אין שווייס און אין צאַפּל
בײַם שוועל צו איר ליכטיקער וואָר
אויפֿן בראָכשטול פֿון צײַט האָט געצאַפּלט
אוקראַיִנע איר בלוטיקן בכור.

### באַטקאַ אַנגעל [7]

איבער שטעטלעך קראַקען קאַניעס [8]
קריכט באַגין איבער גאַס און הויז —

---

[7] אַן אוקראַיִנער פּאָגראָמשטשיק־פּירער. — [8] וואָראָנעס, ראָבן.

און עס וויקלען אים זיבן ניאַניעס
פֿון נאַכטיקן שלומער אַרויס.

איבער בלאָטיקן פּלגישן [9] געסל
איז פֿאַרפֿאַליעט די זון און ברענט,
ווי אַ קינדיש צעשמיסן געזעסל
אויף דער מוטערס ברודיקע הענט.

קראַקען קאַניעס און גלעקער קלינגען,
פֿאָכען קאָסעס און ס׳שווינגען העק,
און עס לויפֿט איבער שטעטל ווי רינגען
איבער בוזעם פֿון טײַך — די שרעק.

און עס טראָגט זיך די שוואַרצע בשׂורה
פֿון בוידעם ביז קעלער און ליאַך [10]:
— „ערשט שבת אָוועק איז פּעטליוראַ,
קומט אַנגעל שוין איפֿדעוואָך [11]!“.

און נאָך איידער מע האָט זיך אָכאַיעט [12]
פֿון בלוטיקן לעצטן גערעאַט,
ווי אַ ווילדע, צעיושעטע חיה
איז אַנגעל אַרײַן אין שטאָט.

צאָקען פֿערד אויף ווײַטע מאָהאַלעס [13],
שלאָגט אין הערצער זיך אָפּ יעדער קלאַפּ.
האָט זיך אַנגעל פֿאַרשפּאַרט אין וואָלאָסט [14]
מיט זײַן גאַנצן, זײַן רוצחישן שטאַב.

---

[9] שנײַדעריש (שנײַדער־געסל). — [10] טיפֿער קעלער. — [11] (איוודע וואָך) די וואָך נאָך שבת. — [12] געקומען צו זיך, ווידער צום לעבן געקומען. — [13] פֿעלדער. — [14] דאָס שטעטלשע רעגירונג־הויז.

צוויי טעג איז דאָס שטעטל געלעגן
און געפּיבערט פֿון בוידעם ביז ליאַך:
וואָס לענגער ס׳האָט וואָלאָסט געשוויגן,
געשפּירט האָט מען נענטער דעם בראַך...

אין דער פֿרי האָבן צוויי הײדאַמאַקעס
מיט גלאַטע געגאָלטע קעפּ
אויף פּלויטן, אויף ווענט און אויף פּניאַקעס
געדרוקטע „וואָזוואַניעס" [15] צעקלעפּט:

„ס׳האָט אײַך, זשידעס, פֿאַרשמעקט רעוואָלוציעס,
טראָצקיס בילד אויף דער רויטער פֿאָן,
וועט איר צאָלן דערפֿאַר קאָנטריבוציע
צוואַנציק רובלען אַ גאַנצן מיליאָן.

„נעמט צוזאַמען אַלע ווינטאָווקעס [16],
טויזנט חלות און צען פֿעסער ווײַן,
און דרײַ פֿון שענסטע זשידאָווקעס
שיקט אַרײַן מיר אין שטאַב נאָך הײַנט"...

## אַן אַסיפֿה

איז אויף שנעל באַשטימט אַן אַסיפֿה,
נישט געוואַרט, נאָר געהאַנדלט געשווינד,
און פֿון בוידעמער, קעלערס און טיפֿן
שטראָמען ייִדן מיט ווײַב און מיט קינד.

שטייען ייִדן בײַ מוליע ראַכליס,
אין ליאַך צווישן פֿעסער ביר:
— וואָס וועט זײַן?... וואָס וועט זײַן דער תּכלית?
ס׳האָט אומגליק דאָך אויך אַ שיעור!...

---

[15] אויפרופן. — [16] ביקסן.

הייבט זיך אויף ר׳ קיווע נטעס,
אַ חלוש, אַ ייִד, אַ בעל־מום,
און גלאָצט אויף די האַרביקע שאָטנס
אין טונקעלן קעלער אַרום:

— ס׳איז נישט אונדזער ערשטע גזירה,
ס׳איז נישט אונדזער לעצטע פּײַן —
דאַרף מען שיקן דעם בלוטיקן צורר
טויזנט חלות און צען פֿעסער ווײַן.

און וואָס איז דאָ שייך צו ריידן:
אונדזער האַרץ איז מיט צרות זאַט,
עס געדענקען נאָך אונדזערע זיידעס
די גזירות פֿון ת״ח און ת״ט.

— ס׳איז פֿריש נאָך דער בלוטיקער יום־טובֿ,
ס׳ליגט דער טויט נאָך אויף יעדער שוועל:
אונדזער הויט האָט געשונדן גאַנטע,
אונדזער בלוט האָט געגאָסן כמעל.

ס׳וועט כּבֿיכול, דער הימלישער וועכטער,
אונדז נישט לאָזן אַליין אין קלעם...
ווי קען ער דרײַ ייִדישע טעכטער
לאָזן גיין אויף קידוש השם?...

קלאָגן ווײַבער אין שרעק און אין שוידער
און רײַסן אויף זיך די האָר —
און פֿול איז מיט פּײַן ביזן בוידעם
דאָס הויז פֿון מלך שאָר.

און פּלוצעם — אין ברויזיקן צאַפּל
כאַפּט זיך געניאַ אַראָפּ פֿון אַ פֿאַס —
און עס ברענען בײַ איר די שוואַרצאַפּלען
מיט ווייטיק, מיט עקל און האָס:

— וואָס רײַסט איר בײַ גאָט די פּאָלעס
מיט פּוילע, צעשטשערבעטע ציין ...
וואָס וויינט איר? ... כ׳וועל גיין אין וואָלאָסט,
איך — געניאַ... איינע אַליין!...

## נקמה

וויינט די האַרבסטיקע נאַכט און סקאַוווטשעט,
ווי אויף קייטן אַ סוואָרע[17] הינט,
און דער זומפּיקער שד באַלעמוטשעט,
שטעקט די ראָזעווע צונג צום באַגין.

אין פּירהויז, אין שפּײַכלער, אין שאָפּע[18],
מיט די מײַלער צעפּראַלט צום באַגין,
באַזויפּט און פאַרמאַטערט כראָפּען
אוקראַינעס פאַרשײַטע זין.

ס׳שפּראָצט אויף טאָג... און דער פריִער געראַנגל
פון די ווינקלען די שאָטנס טרײַבט...
און מיד איז שוין באַטקאַ אַנגעל
פון געניאַס פאַרפּײַניקט לײַב...

הייבט געניאַ זיך אויף פון געלעגער,
קוקט מיט עקל אַרום און זעט:
ווי אַ שטומער געשוואָלענער פּגר
ליגט דער צורר אויף ברודיקן בעט.

ברענען אויגן ווי בליציקע שפּאַלטן
פון הינטער איר מאַמישער שאַל
און עס בלאַנקט אין איר האַנט דער קאַלטער,
אַטאַמאַנישער קרומער קינזשאַל...

---

[17] מחנה. — [18] שטאַל.

שאַרט דער צורר מיט אויגן פֿאַרלאָפֿענע
אויף געניאַס פֿאַרבלוטיקטע הענט...
און עס שאַרט זיך צום פֿענצטער צום אָפֿענעם
איר גוף פּאַזע ברודיקע ווענט.

און אַרויס פֿון פֿאַרפּעסטעטן וואָלאָסט,
פֿאַרהילט אין איר מאַמישער שאַל,
און מיט גויִשע שטילע מאַהאַלעס
אַוועק צו דעם באַלטער וואָקזאַל...

און בראשיתדיק, אייביק און הילכיק
האָט געקלונגען די שטילקייט אויף דר׳ערד,
ווען דער זילבערנער בעזעם פֿון מילכוועג
האָט דעם שפּור פֿון איר טראָט פֿאַרקערט...

„געגנוג שוין מיט הייליקן ריח,
מיט יחוס און גײַסט זיך געגרויסט —
הייבט־אויף קעגן קאָט און רוצח
אַ שווערע, געפּאַנצערטע פֿויסט.

ס׳ברענט די וועלט איצט אין פֿלאַם און אין פֿײַער,
פֿלאַקערט העל, ווי אַ רויטער צוויק,
ס׳איז אַלעם געקומען באַפֿרײַען
לענין — דער באָלשעוויק!״

## מתים

ווער קען טרייסטן און ווער פֿאַרהיילן
די וווּנדן פֿון לעצטן בראָך?...
ווי הייבט מען גאָר אָן צו ציילן
די מתים פֿון בוידעם און ליאָך?...

שטייט געניאַ און טיילט צווישן יאַטן
שוואַרצע לאַבנס קאַרנברויט.
פּלוצעם הערט זי: מע האָט איר טאַטן
געפּונען אין קעלער טויט...

נישט געוויינט האָט זי, נישט געכליפּעט,
נישט געפאַלן צום מת אויף דער ערד...
בלויז אַ צוק און אַ קרים מיט די ליפּן,
און אַ וויש פון די ווײַעס אַ טרער...

ס'איז איצטער איין לעבן ווייניק
און די טעג מיט די נעכט צו קאַרג —
נישט די צײַט איצט צו קלאָגן און וויינען:
וואָס ס'איז טויט — איז אַרונטער פון מאַרק...

אין אַ ריזיקן קופּערנעם שטייסל
שטויסט אַלעמען איצט די צײַט:
זאָלן מתים באַגראָבן די מתים,
די פאַרבליבענע — היידאַ אין שטרײַט!...

## דער רויטער נאַטשדיוו[19]

בליצן וואָכן, ווי שאַרפּן פון פּיקעס,
יעדער טאָג — אַ צעגליטער קין,
און עס שלאָגן זיך הייס באַלשעוויקעס
קעגן „ווײַס", קעגן „געל" און „גרין".

ברויזן הערצער מיט בלוט און מיט יום־טוב,
ווי אַ טאָג איז אַוועק אַ יאָר,
און אויף אַלע געפּערלעכע פראָנטן
האָרודעוועט[20] געניאַ שאָר.

---

[19] נאַטשאַלניק פון אַ דיוויזיע אין דער רויטער אַרמיי. — [20] אַרבעט מע־
שים, איז זייער אַקטיוו.

קריכן נעכט ווי די בלינדע סאָווס,
פֿליִען טעג ווי פֿלעדערמײַז —
איז בײַ געניאַן דאָס האַרץ געקאָוועט
אין אַ פּאַנצער פֿון שטאָל און אײַז.

פײַקלען שטורעמס אויף הערצער פֿון ריזן,
ווי כוואַליעס אויף שטיין פֿון ריף [21],
איז שוין געניאַ פֿון צענטער דיוויזיע
דער אײַזערנער רויטער נאַטשדיוו.

און נישט איין מאָל געווען איז אַ מעלדונג
אין באַריכטן פֿון רויטן שטאַב,
אַז זי שלאָגט זיך אויף פֿראָנטן העלדיש,
אַז זי האָט נישט איין פּאָלק שוין צעקלאַפּט.

אַז איר פּולווער שמעקט דעניקין,
אַז איר קויל פֿאַרזוכט קאָלטשאַק,
און מיט אייגענע הענט, ווי צוויקן [22],
ווײַסגוואַרדייִישע קעפּ זי האַקט.

אַז זי יאָגט נאָך פּעטליוראַס היצעלס [23],
אין שפּיץ פֿון צען טויזנט מאַן,
אַז זי פֿלינדערט קאָזאַצקע סטאַניצעס [24]
אויפֿן דאָן און אויף קובאַן.

אַז עס נישטערט נישט איין ווינטאָווקע
און עס זוכט נישט איין שטיוול מיט שפּאָר [25]
דעם קאָפּ פֿון דער רויטער זשידאָווקע,
דאָס האַרץ פֿון געניאַ שאָר.

---

[21] אונטער־ימישע פעלדזן. — [22] צוואַנגען. — [23] הינטשלעגערס. —
[24] שטאַלן. — [25] מעטאַלענע פּיסהאַלטערס אויף די שטיוול, בײַ רײַטערס.

## עוואַקואַציע

קלאָגן ווינטן ווי בייזע פּירזאָגערס,
צינדן הימלען אין רויטן קומאַטש:
שפּאַנט פּעטליוראַ פון סטאַנציע בירזולע,
שפּאַנט דעניקין פון סטאַנציע באַכמאַטש.

יאָגן שונאים פוןברייטן און לענגן,
נאָך אַ טאָג און נאָך אַ מעת־לעת —
אין אַ בלוטיקער, פּעסטער אָפּצווענגע
זײַנען רויטע פאַרקלעמט אין אָדעס.

און בײַ נאַכט, ווי אַ קמצן אַ גײַציקער
ציילט זײַן גאָלד אין פאַרהוילענעם גראָט,
באַטאַפּן פראַנצייזישע קרייצערס
מיט פינגער פון טויט די שטאָט.

יאָגן בשורות און ס׳וואַקסט די בהלה
פון גאַסן אויף שוועל און אויף טיר:
„הייבט זיך אויף און פאַרלאָזט די שפּיטאָלן,
חבֿרים, עוואַקוירט!"...

פליִען ווערטער ווי בליצן, ווי קאַלטע,
איבער פראָסטיקן האָריזאָנט:
„ווער עס קאָן, זאָל זיך אויסבאַהאַלטן,
זאָל זיך ראַטעווען ווער עס קאָן!..."

פליִען ווערטער, ווי מעסערס ווי בלאַנקע:
„חבֿרים, צעשפּרייט זיך אין שטאָט,
ווער אין געסלעך פון מאָלדאָוואַנקע,
ווער אין קעלער און ווער אין זאַוואָד[26].

---

[26] פאַבריק.

שפּירט די „ווײַסע" מיט אָפֿענע אויערן,
שפּירט דעם פֿײַנט מיט באַוואָפֿנטן בליק.
ס'וועט לאַנג זייער זיג נישט דויערן,
מיר קומען אין גיכן צוריק!"...

יאָגן בשורות און ווינטן בלאָזן,
און אין וויניקער ווי אַ מעת־לעת
האָבן רויטע די שטאָט פֿאַרלאָזן
און דעניקין האָט פֿאַרכאַפּט אָדעס.

*

יענעם טאָג האָט מען סערקען גערופֿן
צו דודן אין לאַזאַרעט.
באַקומען האָט בלאַנק זײַן קופּערט,
זײַן נאַגאַן און צוויי פּאַרלעך גרעט [27].

ז'איז געקומען אין דער רעכטער בהלה
און דערהערט וועגן גרויסן בראָך,
לאָט זי אים צום פֿעטער נפֿתּלי
געבראַכט אין געהיימען ליאָך.

יאַטרען טעג זיך ווי פֿוילע פֿעניעס [28],
אין קעלערס, אין שליימיקער טיף.
אויף דער וואָך אויף דער דריטער פֿון געניאַן
האָט די מאַמע געבראַכט אים אַ בריוו:

„אַ גרוס דיר, מײַן ליבער דוד,
ס'איז שרעקלעך דער פּלוצלעכער קלאַפּ,
נאָר עס טוט מיר באמת הנאה,
וואָס דער שונא האָט דיך נישט געכאַפּט.

---

[27] וועש. — [28] וואָרצלען.

ווייסט אַליין, וואָס עס וואָלט דיך דערוואַרט דאָרט:
(ס'איז דעניקין אַ גזלן, אַ ברוט!)
איז אַ שטעטל צו דער וואַנט — און פאַרטיק...
איז אַ שטריק אויפן האַלדז — און קאַפוט...

נאָר ווי לאַנג וועסטו קאָנען זיך האַלטן,
ווי אין שפינוועבס אַ הילפלאָזע פליג?
ס'קלייבט דער שונא זיך לאַנג דאָ צו שאַלטן
און „אונדזערע" זעט מען נישט צוריק.

איז צו וואָס דאָס לעבן פטרן
און שטאַרבן דאָ יונגערהייט,
ווען די יאָרן ווי טויבן פלאַטערן
מיט ליבע, מיט זון און מיט פרייד?

דו וועסט דאָך מסתם זיך וווּנדערן:
ווי קום איך גאָר פלוצעם אַהער?
— אין טראַגישן אונדזער יאָרהונדערט
ווער בייט נישט די וואָפן, ווער?...

איך האָף, אַז אויך דו וועסט איצט איינזען,
אַז אַלץ איז אַ פוסטער פוכיר [29],
אַז דער גאַנצער, דער בלוטיקער וואַנזין
נישט פאַר מיר איז און נישט פאַר דיר.

איז די פראַגע בלויז, ווי דיך צו ראַטעווען
פון גרויען, געצווונגענעם פלען [30]?...
איך האָב מיט זיך גאָלד און קאַראַטן [31]
און איך האָב זיך מיט וועם שוין געזען...

---

[29] געשוויר. — [30] (רוסיש) געפאַנגענשאַפט. — [31] בריליאַנטן.

ביז וואַן איז דער שיעור צו שטרײַטן
און זיך קרייצן פֿאַרן באָלשעוויק?...
ס׳האָט אַ רעכט דאָך אין אַלע צײַטן
יעדער מענטש אויף זײַן פּיצל גליק..."

ס׳האָט דוד געשלונגען די שורות
ווי ווײַן פֿון אַ ברודיקן כּוס
און ס׳האָט אים געעקלט ווי שטשורעס
יעדער וואָרט און יעדער אות.

ר׳האָט געהאַפּט, ס׳איז אַ בייזער חלום,
נאָר געווען איז עס ביטערע וואָר...
— קאָן עס זײַן, אַז אַזאַ נבֿלה
זאָל אים פֿאַרלייגן געניאַ שאָר?...

געווען איז זײַן ענטפֿער לאַקאָניש,
געווען איז זײַן ענטפֿער קורץ:
„איך וויל נישט און טאָר נישט און קאָן נישט
אָננעמען דײַן הילף און שוץ.

איך וויל מיך נישט גריבלען און דליבען
אין קויט פֿון דײַן גרויזאַמער טאַט.
ס׳וועט קיין מאָל דער האָניק פֿון ליבע
נישט פֿאַרזיסן די גאַל פֿון פֿאַרראַט...

און נישט איך מיט מײַן ליבע צעקרישלטער,
נישט איך וועל דיר צייכענען דײַן שטראָף —
האָסט אַליין מיט דײַן טאַט פֿאַרמשפּט זיך
און אונטערגעחתמעט דײַן סוף".

*

האָבן ווײַטער זיך טעג געקויטיקט
ווי פּעניעס פֿאַרפֿוילט און געל.

געווען איז זײַן האַרץ צעווייטיקט
און צעברויזט איז געווען זײַן זעל.

געוואַרט האָט ער פּופּצן וואָכן —
יעדער טאָג, ווי אַ תּליה־שטריק —
און היס האָט געטלי'ט דער בטחון:
ס'וועלן קומען די „רויטע" צוריק.

ביז געלאָזט האָט די מאַמע אים וויסן:
„ס'איז געפֿאַלן דער פֿײַנט אויף דײַן סליאַד,
האָב איך קוים דיר געקראָגן אַ וויזע
דורכן גריכישן קאָנסולאַט.

ס'זײַנען רויט שוין פֿון בלוט די ימען
און אויף גאַסן זיך וואַלגערן קעפּ...
אַז אַך און אַז ווי איז דער מאַמען,
וואָס זי האָט גאָר אַזוינס דערלעבט!"

ס'האָט די מאַמע געוויינט און געיאָמערט
בײַם פֿאַרפּאַקן דעם טשעמאָדאַן
האָט דוד מיט זיך גענומען
זײַן חבֿר — זײַן טרײַען נאַגאַן.

געווען איז דער טאָג אַ בלאַסער...
און בלאַנק — מיט אַ קרייץ אויף דער ברוסט,
אין אַ לאַנגער גלחישער ריאַסע [32]
האָט געלאָזט זיך צום האַפֿן צו פֿוס.

ס'האָט די מאַמע געצוקט אַ פֿאַרווירטע,
אים פֿון ווײַטן באַגלייט ווי אַ מת,
ווען די שיף האָט זיך האַסטיק אַ ריר געטאָן
פֿון דעם ליכטיקן ברעג — אָדעס.

---

[32] לאַנגער מאַנטל.

האָט בלאַנק אונטער שטורעם און האָגל
דעם קאָפּ זײַנעם אונטערגעשטעלט,
און געלאָזט זיך אויף הפקר און וואָגל
איבער לענג, איבער ברייט פון דער וועלט...

## אין גאָלדענעם לאַנד

ווער פון אונדז האָט מיט אויגן, מיט טרעריקע,
מיט אַ האַרץ, ווי אַ גלױקע פאַן,
נישט געטרוימט פון דער רײַכער אַמעריקע,
פון די גליקן אין גאָלדענעם לאַנד?

### אַ מ ע ר י ק ע

געווען איז נאָך בלאַנק אין די צוואַנציקער,
ווען באַטראָטן האָט ער די ערד,
נישט געוווּסט, אַז דאָ־הי פאַרפלאַנצן זיך
וועט געצייכנט אים זײַן און באַשערט.

געווען איז דאַן שטאָלץ אַמעריקע
מיט איר ווייך און דימענטן האַרץ,
ס׳האָט אַלעם די פאַלשע „פּראָספּעריטי"
די באָקעס [33] פון ווילטאָג צעשפּאַרט.

ס׳איז געוואַקסן ווי לאָפּוך־בלעטער
די עשירות בײַם אָנקל סעם
און זײַן פויסט, מעשה רײַכער פעטער,
האָט געהאַלטן איראָפּע אין קלעם.

---

[33] זײַטן.

ס׳האָט דער דזשינגאָ[34] נאָך דעמאָלט געיאַטרעט
אין קערפּער פֿון לאַנד ווי אַ קרעבס
און געהאַלטן אונטער אײַזערנע גראַטעס
דעם גרויסן מאַרטירער דעבס.

פֿון דער איסט ביז דער וועסט האַלב באַווינטער
האָט געטיילט זיך אויף צווייען די וועלט:
ס׳איז דעמפּסי געווען דער געקרוינטער,
בייברוט — דער געזאַלבטער העלד.

געשטײַגט האָבן בײַנוול און קאָרן,
כאָטש גרויס איז געווען דאָס געראָט[35].
ס׳איז ווילסאָן אויס אָפּגאָט געוואָרן
און קולידזש איז געוואָרן גאָט...

## דוד באַגעגנט דעם טאַטן

ס׳האָט דוד געוואַרט און געחלומט
פֿופֿצן שווערע צוואַנציקטע יאָר
זיך צו טרעפֿן אַמאָל מיט שלומען,
מיטן טאַטן — אין ווײַטן ניו־יאָרק.

ס׳איז שלום בײַ אים אַ מוסטער
געווען פֿון דעם גײַסטיקן מענטש
און אין לעבן, אין וויסטן און פּוסטן,
די לעצטע געגאַרטע פֿאַרענטש.

און אין אַלע, אין נע־ונדן,
געבענקט האָט זײַן עלנט האַרץ

[34] (ענגליש) איבערגעטריבענער פּאַטריאָטיזם, וואָס טרײַבט צו זײַן אַגרעסיוו, אומטאָלעראַנט. — [35] דאָס געראָטעניש (אויף די פעלדער).

נאָכן ווײַטן אַנטלאָפֿענעם טאַטן,
דעם עילוי און דעם בונטאַר.

און אַט האָט זיך דוד באַגעגנט
מיטן פֿאָטער אין פּאָרטלענד, מיין.
אויף אַ גאַס, אין אַ רײַכער געגנט,
אַ שילדל: דאָקטאָר בליין.

דאָקטאָר בליין, מיט אויגן פֿאַרוועלקטע,
באַגעגנט דעם זון מיט „שאַלאָם!"...
— מײַ סאָן, יו אַר סוירטענלי וועלקאָם,
טו יור פֿאַדהערס האָמבל האָום[36]...

אַ גוף ווי אַ פֿלאַכער טאָוול
אין אַ ווײַס געקראָכמאַליעט העמד —
און דערשפּירט האָט מיט אַ מאָל דוד,
אַז דער מענטש איז אים גײַסטיק פֿרעמד.

עס ווײַלט דוד בלאַנק בײַם טאַטן
אַ וואָך — ווי אַן אייביקייט.
שלום פֿירט מיטן זון דעבאַטן
און וויל פֿון אים מאַכן אַ לײַט.

— ווען איך בין פֿון בערשאַד אַנטלאָפֿן
אין זיבעטן יאָר אַהער,
געווען איז מיר קלאָר און אָפֿן
מײַן ציל אויף דער היגער ערד.

ס'האָבן קיין מאָל די טרוימען, די זוניקסטע,
נישט גענאַרט מיך מיט פֿאַלשן בלענד.

---

[36] מײַן זון, דו ביסט אַוודאי אַנגעלייגט אין דײַן טאַטנס היים.

ס׳איז אַ לאַנד דאָ פֿון „אַפּאָרטוניטי״
און יעדערער האָט דאָ אַ „טשענס״ [37].

כ׳בין געקומען אַהער אַ מונטערער
אויפֿן פֿינף־און־פֿערציקסטן יאָר,
האָב איך באַלד אַ פּאָר „היברו־שטונדן״ [38]
באַקומען ביי אַ גבֿיר אין ניו־יאָרק.

ס׳האָט דאָס האַרץ אָפֿט געפּלאַמט און געפֿיבערט,
נאָר געאַרבעט האָט קאָפּ מיט סיסטעם:
איז ביי טאָג ביי דעם גבֿיר אויף „היברו״
און ביי נאַכט זיך געגרייט צום „עקזעם״ [39].

מעגסט זיין שטאָלץ מיט דיין טאַטן, דעם דאָקטער,
ס׳האָט אַ נאָמען דאָ סידני בליין:
ער איז אַ כעמי־אינסטרוקטאָר
אין „קאָלעדזש פֿון סטייט אָוו מיין״.

און דו? ס׳האָט די מאַמע געשריבן
צוריק מיט אַ יאָר צי צוויי,
אַז דו ביסט צו די „גדולים״ אַריבער
און געדינט אין דער רויטער אַרמיי.

איך פֿאַרשטיי נישט די באָלשעוויקעס.
וואָס זיי האָבן דאָרט אויפֿגעטאָן!
אַוועקגעזעצט בערקע דעם שיכּור
דעם שוסטעריונג אויבן אָן?

איז וואָס איז דער יחוס, דוד
מיט דיין מאָסקווער באָלשעוויק?

---

[37] יעדער האָט דאָ אַ געלעגנהייט, אַ שאַנס. — [38] ייִדישע לעקציעס. — [39] עקזאַמען.

גערזאָגט האָט עס ישעיה הנביא
נאָך מיט טויזנטער יאָר צוריק:

„והיה באַחרית הימים״...
עס וועט ווינען אַ לייב מיט אַ שעפּס
און ניט זײַן וועלן מער קיין מלחמות,
קיין באָסעס, קיין סטרײַקס און קיין סקעבס[40]...

אומזיסט! ס'האָט אין לעבן דער טײַסטער
פֿאַרקנעכטיקט די האַנט וואָס שאַפֿט.
ס'וועט דער מײַסטער אויף אייביק זײַן מײַסטער
און דער שקלאַף וועט אייביק זײַן שקלאַף.

און נישטאָ קיין איין בן־אָדם,
וואָס זאָל אָפּשאַפֿן אָרעם און רײַך,
וואָס זאָל קענען אָן איינעמס שאָדן
צעטיילן די וועלט גלײַך אויף גלײַך.

— ניין, דוד, ס'איז שלא כדרכו,
ס'איז צו האַרב פֿאַר מײַן אַלטן קאָפּ:
ס'איז פּשוט גענומען זאַבאַרקע[41],
צי ווי זאָגט מען דאָ־הי: „אַ האָלד־אָפּ״[42].

וואָס האָבן זיי דאָרט זיך צעטראַסקעט,
די דאָזיקע הפֿקרע לײַט?
ניין, דוד, איך בין נישט מסכים,
האָסט געפּטרט אומזיסט דײַן צײַט.

נאָר וואָס איז געווען — געווען איז.
איין זאַך בלויז פֿאַרלייקן מיר ניט:

[40] קיין באַלעבאַטים, קיין שטרײַקן, קיין שטרײַקברעכערס. — [41] אויף באָרג. — [42] (באַנדיטן) איבערפֿאַל.

צווישן אַלע די תּורהס, דעם לענינס,
ביסטו כאָטש פֿאַרבליבן אַ ייִד?

נו, מילא, פֿאַרפֿאַלן, דוד,
ס׳איז אפֿשר מײַן אייגענע שולד:
ס׳האָט מײַן האַנט דיך נישט אויסגעכאָוועט,
פֿאַרן לעבן דיך נישט געשולט.

איז גענוג שוין אַרומצוצירקלען,
ס׳איז שוין צײַט זיך באַזעצן ווו —
ס׳מוז האָבן אַ מענטש אַן עיר מקלט,
ס׳מוז אַ מענטש דאָך געפֿינען רו.

און איצט ביסטו דאָ, אין אַמעריקע:
דאָ ז׳נישט בערשאַד און נישט אָדעס!
פֿאַרגעס אין דער „רויטער” היסטעריקע
און די תּורה די מאָסקווער פֿאַרגעס!

דאָ גייען־אַרום אַלע זאַטע,
נישטאָ דאָ קיין פּריסטאַוו, קיין צאַר,
און הערשן הערשט דאָ דעמאָקראַטיע,
פֿאַרשפּאַרט מען דאָ זײַן אַ בונטאַר.

און פֿון ענגלאַנד און ביזקל כינע,
און פֿון טאָקיאָ ביז מאַדריד
איז קיין בעסערע נישטאָ קיין מדינה
ווי אַמעריקע — פֿאַרן ייִד!

אָט נעם מיך, למשל, דעם ערשטן,
וואָס דאַרפֿן מיר זוכן לאַנג?
וואָס וואָלט דען געוואָרן אין בערשאַד
פֿון מיר, פֿון שלום בלאַנק?

זיך געעוסקט אין קבלה־מעשׂים
און תּוספֿות געלערנט מיט ברען,
און דײַן מאַמען קיין וואַסער אויף קאַשע
פֿאַרדינען האָב איך נישט געקענט.

און איצט, בײַ די באָלשעוויקעס,
ווו וואָלט איך שוין אָנגעשפּאַרט?
ווי דײַן מאַמע, אַ קבצן אויף דריקעס,
וואָלט געשטאַנען מיט עפּל אין מאַרק...

און דו, מיט דײַן גאַנצן לערנען
אין מאָסקווער אוניווערסיטעט,
וויפֿל געבראַכט האָסטו קערבלעך
במזומן, מײַן זון, מײַן פּאָעט?...

ס'האָט דוד אַ וואָרט נישט געענטפֿערט,
נאָר פֿאַרפֿאַקט דעם טשעמאָדאַן...
וואָס קען מען דערציילן פֿון קעמפֿער
אַ מענטש פֿון פּיליסטער־לאַנד!...

ס'איז דוד די נאַכט נישט געשלאָפֿן,
געוויינט אין דער שטיל ביז קאַיאָר.
אויף מאָרגן איז ער אַנטלאָפֿן
פֿון טאַטן צוריק קיין ניו־יאָרק.

## „קאַפֿע ראָיאַל"

און נישט איין מאָל מיט פֿײַן און מיט איבל
האָט בלאַנק זיך געזעטיקט מיט גאַל
אין אַ הפֿקרער דיכטער־מסיבה
בײַ די טישלעך אין „קאַפֿע ראָיאַל".

נאַכט נאָך נאַכט מיט אַ קול אַ פֿאַרזשאַווערטס,
מיט אַ פּנים ווי געלער יוכנט,
זיצט און סלינעט און שפּײַט און גאַווערט
דער כּבֿד־פּהזיקער דיכטער־יעוונוך.

נעבן אים זיצט דאָס ליסע חונפֿל,
דער פּאָעטישער סוטיענעיאָר,
און אויף חשבון פֿון שווייסיקע זונות
באַלעקט זיך מיט קימלטאָרט.

ביי דער וואַנט זיצט אין כעלמישן גאַפּן,
מיט אַ קאָפּ פֿון אַן אינדישן פּריסט,
און פֿירט די חניפֿה־פּאַראַפֿיע
דער בלינדער אַנאַרכיסט.

גלאָצט שעהען אין שטויניקן שיקל,
און פּלוצעם מיט בעלמעס אַ גלי:
— אַך, דאָקטער!!... האָט איר אַן אַרטיקל!...
— אַך, רייזען!?!... איז דאָס אַ ליד!...

און דער בוך־מעצענאַט, דער שרײַער,
זיצט און גאָנערט זיך אויבן אָן:
געגעבן צו שטײַער אַ דרײַער —
און כּבֿוד פֿאַר זיבן מאָנט.

און בײַם צווייטן, בײַם שכנישן טישל,
ווינקט דער רשע צום חכם און תּם,
ווי דער שאינו יודע לשאול
זיצט און שלינגט דעם ווערטער־סם.

און בלאַנק, ווי אַ לאַנגער פּאַלאָניק [43],
דרייט זיך אום אין דעם זודיקן טאָפּ,

---

[43] קאָכלעפל.

און שווימט ווי אַ בין אין האָניק,
און קלעפּט ווי אַ פליג צו פּאַפּ.

און בלאַנק, פון דעם ערגסטן נישט בעסער,
מיט שוים אויף די ליפּן ביז בלוט,
איז גרייט דאָ צו גיין אויף מעסערס
איבער אַ קוצו של יוד...

בליִען שמייכלען, שלאַקריריק און שטומפּיק,
פּאַטשן צינגער, ווי לעקערס — סתּם...
און בלאַנק, ווי אַ ווירבל אין זומפּן,
און בלאַנק, ווי אין סליאָטעס [44], אַ פלאַם...

קען ער מער שוין דעם חוזק נישט אײַנזען,
דעם ביטול און שלאַנגענציש,
און ער האַמערט אין ווילדן וואַנזין
מיט די פויסטן אין שמוציקן טיש.

און אַז אַלע פון אים אַנטרינען,
און ס'פאַרגייט דער שטויביקער רעש,
בלײַבט ער איינער אַליין ביז באַגינען
איבערן טעצל ציגאַרן־אַש.

און עס בריט ווי צעשאָטענער פריסעק,
און עס ברענט ווי אין מדבר דער סנה,
דער געדאַנק אין דערוואַכטן געוויסן:
אויך ער ווערט אַ טייל פון קאַפּע...

און ער פילט, ווי עס וואַקסן אים הערנער...
און עס ציט אים אין כּף־הקל'...
אָ! דאַנטע, וואָס איז דײַן אינפערנאָ
אין פאַרגלײַך מיט „קאַפע ראָיאַל"!...

---

[44] רעגן־וועטער.

## פאַרלאָשענע טרוימען

אומזיסט געווען דאָס גאַנצע גריבלעניש,
אומזיסט — דער זעלישער קאָנפליקט...
דערגרייכטע ליבע איז קיין ליבע נישט,
דערגרייכיק גליק איז נישט קיין גליק.

### אין וועג

ס'האָט ניו־יאָרק צווישן שטיינערנע מויערן
בלאַנקן געהאַלטן צען יאָר —
איז וויפל דער שיעור צו זויערן
אויף איין־און־דעם־זעלבן אָרט?...

געלאָקט האָט זיין האַרץ דער וואַנדער,
איז ער ווידער אין וואָגל אַוועק:
פון ניו־יאָרק און ביז לאָס־אַנגעלעס,
פון מיאַמי ביז וויניפעג.

מיט גאַסטפריינדלעכקייט פאַר ניו־יאָרקער
איז באַרימט אונדזער ליבע פּראָווינץ:
קומט אַ דיכטער — איז קודם באַזאָרגט מען אים
מיט כּבוד לרוב און מיט מינץ...

מען זיצט און מען וואַרט אויף התגלות
פון אַ נייעם משיח־פּאָעט,
מען קוויקט זיך מיט גייסטיקן דלות
און מען רייניקט פּאָעטישע גרעט...

האָט בלאַנק אויף פאַרשימלטע מיסטן
געוואַלגערט זיין וואָרט און זיין ליד:

אין די „שאַפּקעס" [47] פֿון קולטוריסטן,
אין די „פּאַרלאָרס" [48] פֿון „שיינעם ייִד".

און נישט אין מאָל האָט אים געעקלט,
און געקערט האָט מיט גרינער גאַל,
צו קלײַבן פֿון טישן די ברעקלעך
און זיי טונקען אין טרער ווי אין זאַלץ...

## אַ לעקציע

צאַנקען גאָלדענע שקיעות און גוססן,
שווימט לבֿנה, אַ זילבערנע שופֿ,
אַנאָנסירט מען אַ לעקציע אויף שבת־צו־נאַכטס
אין לאָס־אַנגעלעסער ייִדישן קלוב.

האָבן ווײַבער געגרייט זיך וואָכן
און איבערגעפֿאַרבט די האָר,
ווײַל מען שמועסט: ס'איז אַ שיינער בחור
דוד בלאַנק, דער פּאָעט פֿון ניו־יאָרק.

ס'קומט שבת — דער קלוב איז מיט בלומען
מיט פּאַפּירענע אויסגעצירט
און דער עולם האַלט ראַשיק אין קומען,
און שטייט נאָך דערווײַל בײַ דער טיר.

בלאַנק קוקט אויף די פֿיסנע פּנימער
און עס ווערט מיט אַ מאָל אים קלאָר:
ווער זײַנען מיר דאָ און וואָס זײַנען מיר,
און ווער דאַרף עס דאָ אונדזער וואָרט!...

[47] פֿאַבריקלעך. — [48] גאַסטצימער.

ער הייבט־אָן מיט פּאַטאָס און גלויבן,
נאָר עס גענעצט האַלב ליידיק דער זאַל,
און ער פֿילט ווי אויף טויבע אויערן,
ווי אַ שטיין, יעדער וואָרט פֿאַלט.

האָבן רגעס געשלעפּט זיך ווי פּענטעס,
האָבן ווערטער געקלעפּט זיך ווי קיט,
געקאָנט האָט ער קוים פֿאַרענדיקן
אין טרערן דאָס לעצטע ליד.

געקאָנט האָט ער קוים ביַי זיך פּועלן,
דערציִען זיַין וואָרט ביז צו ענד,
ווען פּלוצעם האָט ער צווישן עולם
אַ פּנים אַ מאָדנע דערזען.

געגלייבט האָט ער קוים זיַינע אויגן:
איז דאָס מעגלעך?... ווי קאָן דאָס זיַין?...
זיַין חבֿר?... זיַין אַרטשע קויגען?...
זיַין אַמאָליקער יוגנטפֿריַינד?...

פֿאַרענדיקט — און אַראָפּ פֿון האַרצן...
דער קאָפּ ווי אַ קאַרוסעל...
האָט דוד גענומען אַרטשען
און ז׳אָוועק מיט אים אין האָטעל.

— — — — — — — — — — — —

— איז וואָס זאָל איך לאַנג דאָ בריַיען,
ס׳וואָלט אפֿשר געווען אַ פּלאַן:
זיך לאָזן אין וואַנדער אין ניַיעם,
זיך לאָזן קיין בירא־בידזשאַן

ווי ס׳דערציילן אונדז דאָ די גאַזעטן,
איז דאָס ממש אַ לאַנד — אַ גליק.

און דערצו פלאַנען דאָרט די סאָוועטן
אַ ייִדישע רעפּובליק...

— — — — — — — — — — —

ס׳האָט אַרטשע אַ ווײַלע געשוויגן,
דעם טעפּעך געגלעט מיט די פיס
און פּלוצעם האָט ער זיך צעשריגן:
— כ׳האָב, דוד, פאַר דיר אַ סורפּריז!

ס׳וועט אפשר די נײַס דיר נישט אײַנגיין
און וועסט אפשר נישט גלייבן — ס׳איז וואָר...
דו ווייסט, ווער ס׳איז דאָ אין לאָס־אַנגעלעס???
יעווגעניאַ מיכײַלאָוונאַ שאָר!

איך האָב זי באַגעגנט אַנומלט
דאָ־הי, אויף אַ רוסישן באַל,
זי איז מיט איר מאַן געקומען,
אַ געוועזענעם גענעראַל.

ז׳האָט געטראָגן אַ קלייד אַ מזאַראָווע [45],
מיט אַ שלעפּ [46] געשלענגלט און שווער,
הייסן הייסט זי איצט דזשין אינסאַראָוואַ
און איר מאַן איז אַ פילם־רעזשיסער.

און געדאַרפט האָסטו זען אַ גאַנגעלע [47],
און געדאַרפט האָסטו מערקן אַ שטעל:
מען שמועסט, אַז אין גאַנץ לאָס־אַנגעלעס
טראָגט זי דעם רײַכסטן פעלץ — — —
— — — — — — — — — — —

געניאַ פּאַטשט מיט די הענט צעפלאָשעטע:
— איז דאָס חלום צי איז דאָס וואָר?...

---

[45] כוואַליעדיקער קליידער־שטאָף. — [46] פון דער הינטערשטער זײַט לענגער, ווי מיט אַן עק. — [47] אַ מין גיין.

און ווערטער אַזוינע פּשוטע
פּליסן ווי סטעלניק קלאָר:

כ׳וועל אַנטלויפן פון רײַכטום און לאַסקעס,
כ׳וועל פאַרלאָזן מײַן ווילאַ און אַלץ,
כ׳וועל זיך אומקערן קריק קיין מאָסקווע
און זיך שטעלן צום רעוווטריבונאַל[48].

## לעצטער רים

יענעם טאָג האָבן זיי באַשלאָסן,
יענעם טאָג איז געוואָרן קלאָר:
בלאַנק וועט סוף וואָך די שטאָט פאַרלאָזן
און פאָרן צוריק קיין ניו־יאָרק.

באַדאַרפט האָט ער געניאָן באַגעגענען
אין שיקאַגע אין אַ וואָכן פיר.
נאָר לפנים וועט ער קומען געזעגענען
זיך שבת בײַ טאָג מיט איר.

די וואָך איז אַוועק. ס׳איז שבת.
און אָט שטייט ער בײַם „פאַראַדיז".
געשאָרכט האָט דער שפּעטער אָקטיאַבער,
מיט בלעטער אונטער די פיס.

די טיר האָט דער באָטלער[49] געעפנט
און פאַרנייגט זיך העפלעך און שטרענג.
דערפילט האָט ער באַלד, אונטערן לעפעלע
איז געוואָרן אים הייס און ענג.

---

[48] רעוואָלוציאָנערער געריכט. — [49] הויזדינער.

**שמייכלען ליפּן ווי בלויע בלאָזן,**
**שפּיזלט אויג ווי מיט גליִיקן דראָט:**
**„מאַדאַם האָט נאָך נעכטן פאַרלאָזן**
**אויף עטלעכע וואָכן די שטאָט".**

**יערער באָק בײַם באָטלער ווי הייזון,**
**און ער נייגט זיך פאַר בלאַנקן טיף:**
**„מאַדאַם האָט פאַר מיסטער דייוויד**
**דאָ איבערגעלאָזן אַ בריוו".**

**ער רײַסט־אויף מיט הענט אומגעדולדיקע**
**דעם פאַרזיגלטן בלויען קאָנווערט:**
„וועסט, דוד, מיר מוזן אַנטשולדיקן,
וואָס אין האָב אונדזער טרוים צעשטערט...

כ'האָב אַנטלויפן פון רײַכטום און לאַקסעס
געוואָלט — און אַוועקוואַרפן אַלץ,
זיך אומקערן צוריק קיין מאָסקווע
און זיך שטעלן צום רעוואָטריבונאַל.

נאָר צו וואָס נאָך די פאַלשע ראָמאַנטיק
און דער לירישער יוגנט־שטות?...
אומזיסט... ס'וועט דער רויטער באַנטיק[50]
מער נישט קליידן מײַן וויאַלער[51] ברוסט.

געזוכט האָט מײַן זעל האַרמאָניע
אויפן לעבנס צעהויקערטן שליאַך,
נאָר שטענדיק האָט די בייזע איראָניע,
ווי אַ לץ מיר אין פּנים געלאַכט.

---

[50] בענדל. — [51] אײַנגעדאַרט.

כ׳האָב געהאַפּט אויף אַ לעבן אַן אָרעמס,
נאָר אַ ריינס ווי דער פֿרילינגשפּריי,
און געטרוימט האָב איך אָרעם אין אָרעמס
אין שטרייַט מיט דיר גיין אויף דאָס ניי.

מוז איך איצטער דיר זאָגן דעם אמת:
נישט געוואָרעמט האָט מיך די פֿרייד...
ווייַל פֿאַר מיר איז די שענסטע פּאַעמע
נאָך אַלץ אַ זייַדן קלייד.

און וואָס קאָנסטו מיר, דוד, אָפּפֿערן
שטאָט דימענטן, סאַמעט און זייַד,
אַז דייַן לעבן גייט־אויף ווי אַן אָפּפֿער
אויף מזבח פֿון ליד און שטרייַט?״...

**וועז בלאַנק איז צו זיך געקומען,**
**געשטאַנען איז ער אויף דער גאַס,**
**געטריפֿט האָט ווי גאַל אויפֿן גומען,**
**ווי בלוט פֿון אַ ווונד — דער האַס.**

**אין צעווייטיקטער טיף פֿון געדערעם,**
**ווי אַ וואָרעם האָט עקל געקרעלט.**
**און דאָס האַרץ ווי אַ שליימיקער שרץ**
**האָט אין האַלדז זיך אים אָפּגעשטעלט.**

**ר׳האָט געבלאָנדזשעט ביז שפּעט אַ בלייכער**
**מיט ווילד צעפּלאָשעטע האָר...**
**יענע נאַכט האָט זייַן האַרץ דעם זכר**
**פֿאַרמעקט פֿון געניאַ שאָר.**

**ס׳האָט זיך שׂנאה געכפּלט אויף ליבע**
**און ס׳האָט ווייטיק געמישט זיך מיט גיפֿט...**

**יענע נאַכט האָט ער געניאָן געשריבן**
**אַ האַרבן, אַ ביטערן בריוו:**

„האָסט פֿאַרקויפֿט פֿאַר אַ טעפּל לינדזן
די בכורה פֿון ליבע און שטרײַט —
וועסטו מוזן באַצאָלן די צינדזן
דער גײַציקער וואָכערקע־צײַט.

ס'איז דײַן לעבן — אַ קייט פֿון ליגנס,
פֿון בערשאַד ביז „פּאַראַדיז",
ווײַל דײַן שקר האָט גאָלדענע פֿליגל,
און דײַן אמת האָט בלײַענע פֿיס.

ביסט געוואַקסן אויף וויסטע פּאַזווירעס [52],
ווי הפֿקרער, ווילדער בוריאָן.
האָסט געניאָגט זיך נאָך בלויע פֿוכירן —
און דאָס לעבן פֿאַרשפּילט ווי אַ פֿאַנט [53].

דײַן וועלט איז אַ הוילער פּענכער.
דײַן לעבן — אַ נאַקעטע דלאָן...
און איך וואָלט געוואָלט נאָך קעמפֿן
אונטער דער רויטער פֿאָן.

און אויב ס'איז דער טויט אויף דער שוועל נאָך
געצייכנט מיר דאָ און באַשערט,
ווי אַן אַלטער, געטרײַער זעלנער
וועל איך פֿאַלן מיט האַנט אויף דער שווערד.

גלייב מיר, געניאַ, ס'איז ליב מיר מײַן גורל,
ווײַל נישטאָ קיין גרעסער גליק,

[52] הויפֿן. — [53] אַ שפּיל מיט אַ משכון.

ווי אויף שוועל צו די ליכטיקע טויערן
צו שטאַרבן אַ באַלשעוויק!...

איך ווייס: ס'וועט שפּעטע חרטה
פֿאַרטמען דײַן לעבן מיט גאַל —
הײַנט בײַ נאַכט, ווי אַ פּוילן בלאַטער,
ברען איך אויס פֿון מײַן האַרץ דײַן געשטאַלט".

## אַפּגרונט

אויף מאָרגן האָט בלאַנק לאָס־אַנגעלעס
מיט ווייטיק און פֿלוך פֿאַרלאָזט
און איז ווידער אַוועק אין וואַנדער —
זײַן האַרץ אַ צעשמעטערטער כּוס.

ווי זיס ס'איז דעם גומען און אויער
דער פֿײַנלעכער ליבעווי,
איז זיסער דער ליכטיקער טרויער,
אַז די ליבע פֿאַרגייט ווי שניי.

בלישטשען טעג ווי די גאָלדענע ליסקעס
און די צײַט ווי אויף רייפֿן זיך ראָלט:
אַ חודש — אין סאַן־פֿראַנציסקאָ,
אַ וואָך אין יאָסעמיטי טאָל[54].

זײַן האַרץ איז פֿאַרשטיינט און פֿאַרסטאַרטשעט
און פֿול ווי אַ בעכער מיט גאַל...
מיט אַ מאָל — אַ דעפּעש פֿון אַרטשען:
„קום, דוד, צוריק — און באַלד!"...

---

[54] אַ פּאַרק אין צפון־קאַליפאָרניע.

דאָס האַרץ האָט אין פּײַן און אין אַנגסטן
געשטשעמעט אַ גאַנצע נאַכט.
און געווען איז דער וועג קיין לאָס־אַנגעלעס
אַ בלוטיקער דערנער־שליאַך.

און אָט האָט זיך שוין באַוויזן
אין נעפּל דער ווילסאָן־באַרג...
אויפֿן באַנהויף מיט אויגן ווי שפּיזן
האָט אַרטשע אים אָפּגעוואַרט.

ער שווײַגט... און אין פּײַנלעכן שטומען
טוט ער פּלוצעם די הענט אַ צעפֿאַך:
— ס'איז, דוד, געשען אַן אומגליק,
ס'האָט געטראָפֿן אַ גרויסער בראָך...

ס'האָט געניאַ זיך נעכטן אין אָונט
אַרונטערגעוואָרפֿן פֿון באַרג... —
האָט די נײַס ווי אַ בליץ אים געטראָפֿן,
ווי אַ דובניע איבערן קאַרק.

## אויף אַ פֿעסטן באָדן

גליִען טעג — און פֿון שטאַם זײַנעם, דוד,
זינקט דער פֿוילער, דער לעצטער באַגאַזש;
און ער קעמפֿט מיטן טויטן עבֿר,
און עס לעשט זיך דער לעצטער מיראַזש.

זיפֿן טעג זיך ווי זונשײַן דורך לאָדנס
און עס היילט זיך דער בראַנדיקער ריס.
פֿילט דוד: עס וואַקסט אים אַ באָדן
אַ פֿעסטער אונטער די פֿיס.

נאָר אָפּט אויף זײַן האַרטן געלעגער
אין פּליסיקער חשכות פון נאַכט
דאַכט זיך בלאַנקן: זײַן עבֿר — דער פּגר
שטייט צו קאָפּנס בײַ אים און וואַכט.
דוד עפּנט די אויגן אין שוידער,
נעמט זיך שאַרן צום טיר פּאַזע ווענט,
נאָר עס פּאַקט אים אין ווינקל פון חדר
זײַן גאַסט מיט די ביינערנע הענט.
אויף די ליפּן — דער פּרעפּל פון פּסאַלמען,
ווי דער ווינט וואָלט מיט שמות געשאַרכט,
און עס ווייעט פון אים מיט בית־עלמין,
מיט נבֿלה, מיט גרויל און מיט פּאַרכט.
און ער קרימט זײַן געשטופּלט אייגל,
און עס סקריפּעט זײַן כריפּיקער קריי:
„ס׳האָבן זיידעס געדינט צום עגל
און דאָס אייניקל — דער קאָמפּאַרטיי!״
און עס גרינצן די ציין די פּאַרשטשעמעטע,
און עס האָפּסלט דער האָרב אויפן קאַרק:
„ס׳האָבן זיידעס געשטאַמט פון בעל־שם־טובֿ,
איז ווי קומסטו צו קאַרל מאַרקס?
ס׳האָבן זיידעס דעם אייביקן אמת
געזוכט אין קבלה און ש״ס —
און דו מיט צעברויזטע פּאָעמעס
ווילסט דינען דעם אַרבעטער־קלאַס!
...וועסט אין נעצן פון קאַמף זיך פּאַרפּלאָנטערן,
ווי אין קעצישע לאַפּעס אַ מויז...
און ווי קאָנסטו גאָר, דוד, זײַן קאָנטענט,
אַז דער מענטש איז נאָך אַלץ נישט דערלייזט?״
און אין אויגן, אין שפּיציק בייזע,
שלענגלט שפּאָטיש אַ ביסטרער בליק:

„גלייבסטו טאַקע, די וועלט וועט דערלייזן
דער האַרטנעקיקער באָלשעוויק?"
און עס שטרעקט איבער בלאַנקן דער עבֿר
זײַנע בייניקע הענט ווי העק:
„איז שוין לענין דער לעצטער נבֿיא?
איז זײַן וועג שוין — דער לעצטער וועג?"
און ווי זעג אויף פאַרזשאַווערטע רערן
קריצט זײַן קול אין צעפּלאָשעטער נאַכט:
„און מיט וואָס וועסטו, דוד, דערקלערן
היטלערס פּלוצלעכן אויפשטײַג צו'ר מאַכט?"

בלאַנק שטייט אַ פאַרקלעמטער אין ווינקל
אונטער בייניקע הענט פון גאַסט —
און ער זעט: די שוואַרצאַפּלען פינקלען
מיט נצחון, מיט שפּאָט און מיט האַס.
זײַנע אויגן ווי פריסעק ברענען,
און פּלוצעם, אין שטויניקן וואַן[55],
זעט דוד דאָס בילד פון לענינען
הענגט הויך קעגן אים אויף דער וואַנט.
אויף די ליפּן אַ שמייכל אַ מילדער,
ווי דער מײַ וואָלט אין האַרבסט זיך צעבליט,
נאָר עס ווייעט מיט שטאָליקן ווילן
דער מאַנגאָלישער אויגנשניט.
בלאַנק קוקט מיט געפּלעפּטער דערשטוינונג
און עס שטאַרק זיך אין אים דאָס קול,
און ער ענטפערט זײַן עבֿר, דעם שונא,
און ער רעדט צו אים פּשוט און שטאָלץ:
— כ'האָב שוין לאַנג פון די לומדישע זיידעס
און פון גאַנצן פון סוחרישן שטאַם,

55 וואַנזין, שגעון, משוגעת־אַנפאַל.

ווי פֿון קרעציקע שאָף אָפּגעשיידט זיך
און געשטעלט זיי אין האַרצן אַ צאַם.

זאָלן זיידעס מיט יחוס זיך שאַצן
און זיך רימען מיט פּוסקים און ש״ס —
מײַן שטאַם איז דער שטאַם פֿון פּראַצע,
און די ריטערס פֿון אַרבעט — מײַן קלאַס.

ס׳איז נישטאָ גאָר קיין זאַך, וואָס איז הייליקער
ווי די פֿרוכט פֿון דעם אַרבעטערס מי,
און מיט פֿרייד טראָג איך אים מײַן חלק
דאָס געראָט פֿון מײַן קאָרענעם ליד.

זאָלן דיכטערס זיך זוכן אַ בענטשונג
אויפֿן שפּיץ פֿון משיחישן האָרב —
פֿאַר מיר האָט דערלייזט די מענטשהייט
כאַוועָר לענין אין זיבעצעטן יאָר!

איך בין לאַנג שוין אַרויס פֿון פּלאָנטער
און קלאָר איז מיר איצט אַזוי:
צו אַ לעבן פֿון לויטער יום־טובֿ
פֿירט די מענטשהייט די קאָמפּאַרטיי!

עס לויערט אויף וועלט דער פֿאַשיזם,
דעם רויבערקלאַס׳ לעצטער שטעל —
און עס שטאַרקט זיך אין לענדער דער קריזיס,
און עס פֿיבערט אין היץ די וועלט.

ס׳שאַרפֿן נעגל אַלוועלטלעכע שפּאַרבערס
קעגן זיגרײַכן באָלשעוויק —
בלויז פֿאַראייניקטער פֿראָנט פֿון אַרבעט
וועט פֿאַרמײַדן דעם אימפּעריק.

וועט נישט העלפֿן: נישט היטלער, דער תּליון,
נישט טראָצקי דער פּראַזן־זשאָנגליאָר —
ס׳פֿירט דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד כּאַוועס סטאַלין
צום זיג דורכן צווייטן פֿינפֿיאָר!״

**דוד רעדט — און די ווערטער ברענען**
**די געשטאַלט פֿון זײַן עבֿר — זײַן פֿײַנד —**
**און עס שמייכלט דער** כּאַוועס לענין
**קעגן אים אין קאַיאָריקער שײַן.**

**עס דערטראָגט זיך ס׳פֿאַרטאָגיקע הילכן**
**פֿון אַ באַן, ווי מאַשינען־געשטעפּ,**
**און עס האָפּשלען די טריט פֿון מילכמאַן**
**אין געאײַל איבער שטיינערנע טרעפּ.**

**און זײַן זון מיט פֿרימאָרגיקן העשען**
**כאַפּט זיך אויף ווי אַ וועלפּל אין וויג —**
**ס׳איז שוין צײַט אים צו געבן דאָס פֿלעשל,**
**מאָנט ער עסן — דער באָלשעוויק.**

**עס צעקלינגט זיך דער שטאָטישער זייגער.**
**און דער טאָג ווי אַ ראָשטשינע** [56] **וואַקסט.**
**און ס׳געשטאַלט פֿון דעם עבֿר, דעם פּגר,**
**צערינט זיך, ווי טריפֿיקער וואַקס.**

**און אין האַרצן, קאַיאָריק און הייוויק,**
**אַ פֿרייד — אַזאַ ליכטיקע העלט:**
יענע נאַכט האָט בלאַנק אַ מצבֿה
אויף זײַן עבֿר אַוועקגעשטעלט.

לאָס־אַנגעלעס, אָקטאָבער 1931
ניו־יאָרק, פֿעברואַר 1934

[56] טייג פון פאַרקנאָטענע מעל מיט הייוון.

## מיין יוגנט

מײַן יוגנט איז געווען: פֿאַרוואָרלאָזטע וואָקזאַלן
און בלוט אויף שניי,
טעפּלושקעס [1] לײַזיקע אויף סקריפּענדיקע שפּאַלן [2]
אין רעלסגעדריי.

מײַן יוגנט איז געווען: אַ ווילדגעיאָג פֿון רײַטערס
בײַ נאַכט אין סטעפּ,
אַ פֿונקענוואַלד פֿון גליִענדיקע שײַטערס
אויף בערג בײַם דניעפּ [3].

מײַן יוגנט איז געווען: בײַ הייסע פּולווער־סקלאַדן
אויף שטומער וואַך
אַ ווילד געזאַנג פֿון ווײַטער קאַנאָנאַדע
אין מיטן נאַכט.

מײַן יוגנט איז געווען: אויף שטיינערדיקע ברוקן
געצאָק [4] פֿון טויט,
אויף יונגע ציין אַ שטיקל האַרטער צוקער
און לעפּקע [5] ברויט.

מײַן יוגנט איז געווען: אין ווינטערדיקע וויוגעס [6]
מיט ביקס אויף בריק —
און הייסע נעכט אין שטעטלישע קאָמיוגן [7]
און זשעניאַס בליק.

[1] אָקסן־וואַגאָנען. — [2] גראָבע דרעננגלעך צווישן די באַנשינעס. — [3] דניע־פּער. — [4] קלאַנג. — [5] קלעפּיק. — [6] שניישטורעמס. — [7] קאָמוניסטישע יוגנט־אָרגאַניזאַציעס.

מײַן יוגנט איז געווען: אויף ווײַנפֿעלדער פֿאַרזייטע
מיט טראַמפּלטראָט,
אויף פֿרילינגצוויט, אויף זומערדיקע קווייטן
מיט פּולעמיאָט.

מײַן יוגנט איז געווען: אויף פֿוילנדיקע זאַנגען
דער שניט פֿון טויט,
מיט אַלטער וועלט אַ גרויזאַמער געראַנגל
אויף טויט צי רויט.

מײַן יוגנט איז געווען: אויף פֿלאַמעדיקע דעכער
אַ ווינטיקער צעוויג,
אויף ליפּן דאָרשטיקע אַ שוימענדיקער בעכער
מיט ווײַן פֿון זיג.

מײַן יוגנט איז געווען: די אָפּגעדינטע גאָטן
אויף טיל און תּל [8]
און העלער שפּאַן דורך הודיענדיקע דראָטן
פֿון נײַער וועלט.

1935

## מיין חבר — מיין נאַגאַן [9]

אין פֿײַכטן ווינקל פֿון אַ חדר אַ פֿאַרלאָזטן,
אין שופֿלאָדל פֿון אַ צעלעכצטן שראַנק,
האָב איך געפֿונען דיך, אַן אַלטן און פֿאַרראָסטן,
אין שייד אין לעדערנער, מײַן חבר — מײַן נאַגאַן.

---

[8] אַ באַרג אַש, אַלץ חרוב. — [9] רעוואָלווער.

און כ'האָב דערפֿילט אַ גליווערדיקן אָטעם
אין קאַלטן צוריר פֿון דײַן בלויען שטאָל,
און ס'האָבן אויפֿגעלויכטן ברויזנדיקע שאָטנס
פֿון אָפּגערוישטן פֿאַרביקן אַמאָל:

די ערד איז גרין און פֿרילינגדיק און יוניק [10],
און ס'האָט געשמעקט מיט בלוט, מיט בר־מינן און בעז...
געהוליעט האָט מאַכנאָ [11], געהוליעט האָט טיוטיוניק [12] —
און מיר האָבן געברענט בײַ קיִעוו און אָדעס.

די ערד איז רויט געווען פֿון בלוטיק הייסער זריעה
און בלײַיִק האָט געגליט דער נאָנטער האָריזאָנט.
ס'האָט לעגינס פֿאָן געברענט, ווי יעסנדיקע שקיעה,
און שקיעה האָט געברענט ווי לעגינס הייסע פֿאָן.

עס האָט אין פֿלאַקערפֿלאַם געשמידט דײַן דינעם שטאָל ווער
און ס'האָט געקאָוועט האַס דײַן זיכערדיקע קויל —
ביסטו מיר טרײַ געווען, מײַן ליכטיקער רעוואָלווער,
מיט אָפֿענעם, מיט רויכערדיקן מויל.

איצט ליגסטו אויף מײַן האַנט, צעקריצלט און פֿאַרזשאַווערט,
און געגעצסט טרויעריק מיט הוילן אינגעוויד.
אָ, ברודער האַרציקער! אָ, אויסגעדינטער חבֿר!
ס'וועט אונדז נאָך זײַן באַשערט אַ בליִענדיקע פֿרייד!

דער טאָג געגענט, ווען ברויזן וועט אַקטיאַבער
אויף היגער ערד, ווי בלוטיק הייסער ברײַ,
וועל איך דיך אויפֿוועקן פֿון זשאַווערדיקן שלאַבער
און ווידער אָנפֿילן דײַן אינגעוויד מיט בלײַ.

---

[10] ווי אין חודש יוני. — [11] אַנאַרכיסטישער אַטאַמאַן: אין בירגערקריג געקעמפֿט סײַ קעגן די ווײַסע, סײַ קעגן די רויטע. — [13] דער וואָס האָט אָנגעפֿירט מיט די גרעסטע שחיטות אויף אוקראַיִנע אין 1918—1919.

און וועל אַרויס מיט אויפֿגעברויזטע יאַטן
אויף רויטע באַריקאַדן פֿון ניו־יאָרק,
וועסטו אויך דאָ מיך, חבֿר, ניט פֿאַרראַטן,
ווי אין אָקטיאַב פֿון זיבעצנטן יאָר!...

1933

## איך גלייב

זאָל זײַן, אַז דער פֿערציקסטער פֿרילינג
קלאַפּט ווי האַרבסטיקער רעגן אין שויב,
נאָך ברויזן אין האַרצן און שפּילן
צוויי ווערטער ווי פֿלייטן: איך גלויב!

זאָל זײַן, אַז עס טראַמפּלט שוין אָסיען
איבער מיר מיט זײַן קופּערנער זויל;
איך גלייב: ס'האָט מײַן ליד נישט געשאָסן
אין פֿײַנד נאָך די לעצטע קויל.

זאָל זײַן, ס'האָט דער האַרבסט מיך געטראָפֿן
פֿאַרווונדעט אין מיטן שלאַכט;
איך גלייב: ס'שטייען גרייט מײַנע סטראָפֿן,
ווי זעלנערס געטרײַ אויף דער וואַך.

זאָל זײַן, אַז דער פֿינצטערער הענקער
שאַרפֿט זײַן האַק שוין אויף אומקום און תּל;
איך גלייב, אַז מײַן קלאַס וועט ברענגען
אַ ליכטיקע רעטונג דער וועלט.

זאָל זײַן: נישט דערגרייכט כ'האָב דעם טורעם,
דעם חלום פֿון יונגע טעג;
דורך פּײַן און דורך פֿרייד און דורך שטורעם
בין איך ערלעך געגאַנגען מײַן וועג.

זאָל זײַן, אַז געווען איז פֿאַרנעפּלט
מײַן וועג צו דעם ליכטיקן ציל:
ס׳איז נישט יעדן באַשערט צו דערלעבן
דעם טאָג, ווען ס׳וועט פֿאַלן באַסטיל.

זאָל זײַן, עס איז פֿול שוין דער בעכער
מיט שׂנאה, מיט פּײַן און מיט סם;
איך גלייב: ס׳וועט נישט בלײַבן קיין זכר
פֿון שׂונאס פֿאַרמשפּטן שטאַם.

זאָל זײַן, אַז ניט מיר וועט באַשערט זײַן
צו דערגיין ביזן לעצטן עטאַפּ;
איך גלייב: ס׳וועלן פֿלאַקערן הערצער
אין יום־טובֿ פֿון לעצטן אַקטיאַב.

זאָל זײַן, ס׳איז מײַן לעבן פֿאַרשׂרפֿעט
אויף האַרבסטיקע שײַטערס פֿון האַס;
איך גלייב: ווי פֿײַער אויף פֿאַרמעט
וועט לײַכטן מײַן ליד פֿאַר מײַן קלאַס.

1935

## „נאָ פּאַסאַראַן!״

עס האָט מיך הײַנט מײַן זון בײַם סאַמע שוועל באַגעגנט:
— נאָ פּאַסאַראַן!
איך בין געבליבן שטיין פֿאַרבליפֿט, געפּלעפֿט אַ רגע,
מיט אויסגעשטרעקטער האַנט.

עס שטייט פֿאַר מיר מײַן יאַט און פּליעסקעט מיט די דלאָניעס,
אויף ליפּן — אַ געזאַנג:
— ס׳האָט הײַנט בײַ טאָג מיר „מאַ״ געלייענט צווישן „פּאָניס״:
— נאָ פּאַסאַראַן!

— ס׳האָט „ליטל לעפּטי״ פֿונעם „דיילי וואָרקער״
געזאָגט זײַן חבֿרטע, דער קליינער פּעטסי סמיט:
— עס פּאַסט נישט איצט אַן ערלעכן ניו־יאָרקער
נישט פֿאָרן קיין מאַדריד.

איך וויל נישט זײַן דאָ מער... כ׳וויל גיין אַריבער ימען,
ווו ליטל לעפּטי איז און פּעטסי סמיט.
פּאַק־אײַן די זאַכן, פּאַ, און גיב אַ קוש דער מאַמען
און נעם מיך מיט.

האָב איך אַ הייב געטאָן מײַן זונדעלע, מײַן סאַנטשאָ[11],
געקלונגען האָט זײַן קול מיט פֿרייד און מיט געבעט.
צום ערשטן מאָל פֿאַר אונדזער קורצער פֿרײַנדשאַפֿט,
ווי צו אַ גלײַכן כ׳האָב צו אים גערעדט:

מיט יאָרן צ׳ריק, מײַן זון, האָט שוואַרצער טאָרקוועמאַדאָ[12]
די זין פֿון אונדזער פֿאָלק אויף שײַטערן געברענט,
הײַנט שטרײַטן זיי באַנאַנד אויף שפּאַניעס העלע פּראַדאָס[13]
מיט בענטשנדיקע הענט.

און איך, אַן אייניקל פֿון קדושים און מאַראַנען,
אַ באָלשעוויק, אַ דיכטער און אַ ייִד,
מײַן האַרץ האַלט וואַך מיט זיי, מיט בעסטע זין, מיט שפּאַניעס,
בײַם טויער פֿון מאַדריד.

זאָל רײַסן שפּאַניעס לײַב אַן אבֿר נאָך אַן אבֿר
דער בלוטיקער רעבעל,
בײַם טויער פֿון מאַדריד מיר גרייטן איר אַ קבֿר
דער רויבערישער וועלט.

---

[11] געווער־טרעגער. — [12] שפּאַנישער אינקוויזיטאָר. — [13] בולוואַרן.

זאָל דראָען איינעקייט פון דוטשע־היטלער־פראַנקאָ
מיט טראָט געפּאַנצערטן, מיט טויטנדיקן שפּאַן,
ס'אָ וואָרט אַזאַ פּאַראַן, ס'איז מעכטיקער פון טאַנקען:
— נאָ פּאַסאַראַן!

פּאַראַן, מײַן זון, אַן איינעקייט אַ צווייטע,
וואָס שטאַרקער איז פון שנאה און געווער:
זיי שמידן בײַ מאַדריד פאַר אַלטער וועלט די קייטן,
באַפּרײַערס פון דער ערד.

ווען קומען וועט דער טאָג פון אויפגעבליטע פאָנען,
אין בלוט געהייליקטע, אין שפּאַניעס הייסן בלוט,
מיר וועלן גערניקאַ און בילבאַאָ דערמאָנען
מיט רויטן, זיגרײַכן „סאַלוד!"

ווען איר וועט אויפוואַקסן, איר, סעמס און דזשעקס און טאָניס,
וועט פרײַ זײַן אײַער טראָט אין פרילינגדיקן לאַנד... —
און ס'האָט מײַן זון צעפּליעסקעט זײַנע דלאָניעס:
— נאָ פּאַסאַראַן!
— נאָ פּאַסאַראַן!

1937

## די באַלאַדע פון די ליכטיקע היטערס

געבוירן אין רויש פון געוויטער,
אַ טרויב אויף אַ פוילנדן שטאַנג,
שטייט אַ דור, ווי די ליכטיקע היטערס,
אויף דער גרענעץ פון איבערגאַנג.

אויפן שיידוועג פון גרויזאַמע צײַטן
זיי שטייען ביזן האַלדז אין זומפּ

און צינדן צעפּלאַקערטע שײַטערס
צו באַלײַכטן דעם חושך אַרום.

ס׳איז פֿריידן באַשערט זיי וויניק...
איין גורל איז זיי בלויז באַשערט:
פֿון אַפּאַל און קויט צו רייניקן
די גרויע, פֿאַרוואָרלאָזטע ערד.

זיי קלינגען דורך נאַכט און דורך שטורעם
אין זשאַווער־פֿאַרשטומטן גלאָק
און זאָגן דער וועלט אָן די בשׂורה,
אַז ס׳שפּריצט שוין, עס העלט שוין אויף טאָג...

זיי פּלאָסטערן זומפּיקע וועגן
מיט ביינער, מיט מאַרך און מיט בלוט
און זינגען דעם מאָרגן אַנטקעגן
אַ זיגרײַכן, העלן: סאַלוט!

זיי ברענען די זומפּן מיט שײַטערס
און שאַרן דעם זשאַר מיט די הענט
און ווערן אין שײַטער געלײַטערט
און ווערן אין לײַטער פֿאַרברענט.

זיי ווייסן: ווען בלויער באַגינען
וועט צעצינדן זײַן רויטן לאַמטער,
וועלן זייערע ביינער, ווי קינען,
נאָך טלִיען אויף צעשײַטערטער ערד.

און ווען זון וועט צעשטראַלן איר ווייער
אויף פֿאַרלאָשענע חורבֿות און תּל,
וועט קומען אַ דור פֿון בויערס,
די זין פֿון אַ נײַער וועלט.

זיי וועלן באַגראָבן די קנאָכן
אין אַ קבֿר פֿון שטאָל און גראַניט
און זינגען מיט פֿרייד און נצחון
וועגן גרויזאַמע טעג אַ ליד.

און עס וועלן, ווי לידער, די שטיינער
זיך צעזינגען אין יונגע הענט —
אויף פֿאַרקוילטע, צעשײַטערטע ביינער
וועט מען שטעלן דעם פֿונדאַמענט.

און לעבן וועט לאַנג, ווי אַ ווונדער,
די לעגענדע פֿון גרויזאַמען דור,
וואָס אין זומפּ האָט ער שײַטערס געצונדן
ווי אַן אָנזאָג פֿון ליכטיקער וואָר.

און דורך אַלע צעבויטעטע דורות
נאָך פֿינצטערן גרויל פֿון קריג
וועלן מאַמעס דורך נאַכטיקע מוראס
פֿאַרוויגן די קינדער אין וויג

און זיי זינגען מיט הערלעכן ציטער
ווי אַ העלדיש פֿאַרצײַטיק געזאַנג:
„דאָס ליד פֿון די ליכטיקע היטערס
אויף דער גרענעץ פֿון איבערגאַנג“.

## די תפילה פון אַ בעל־תשובה

פֿאַרגיב מיר, גאָט: אַ דיכטער — אַ בעל־תשובֿה,
איך ליג פֿאַר דיר אַ זינדיקער אין שטויב:
עס האָט מײַן ליד דעם רשע און מנוול
געריי־כערט ווײַרויך און געזונגען לויב.

פֿאַרגיב מיר, גאָט! כ׳בין נישט קיין תהילים־זאָגער,
אין הלכות תּפֿילות בין איך נישט געניט:
צו לאַנג ז׳געווען מײַן האַרץ צו האַס גענאָגלט,
צו לאַנג געדינט צום שקר־געץ מײַן ליד.

איך האָב געחלומט מיט מײַן דור צוזאַמען
אַ העלן טרוים פֿון חבֿרשאַפֿט און גליק —
איצט ליגט מײַן טרוים צעפּיצלט אונטער האַמער,
און ס׳גרייט פֿאַר אונדז דער תּליון שוין זײַן שטריק.

כ׳האָב יאָרן לאַנג געטרוימט פֿון מעשׂים הייסע,
געזונגען לידער וועגן גרויסער טאַט —
איצט ליגט מײַן ליד — אַ גוסס צווישן מתים,
דערשטיקט אין לאַפּעס פֿון געמיינעם קאַט [1].

וואָס האָבן מיר, די לײַט פֿון גרויסע טאַטן,
געטאָן, אָ גאָט, מיט דײַן געבענטשטער ערד?
מיט מערדערהענט, מיט הענט פֿון אַפּאָסטאַטן [2]
מיר האָבן זי דערהויבן אויף אַ שווערד.

---

[1] תּליון. — [2] משומדים, אָפּטריניקעס.

כ׳בין זינדיק, גאָט! נאָר כ׳בעט בײַ דיר קיין רחמים.
צו שווער דער חטא — באַרעכטיקט איז דײַן כּעס:
צו לאַנג ז׳געווען מײַן ליד אַ טרײַער וואַכמאַן
בײַם פּולווערסקלאַד פֿון שקר און פֿון האַס.

כ׳בין זינדיק, גאָט — דײַן שווערן עונש סיליק,
כ׳בין ווערט, כ׳בין ווערט דײַן אײפֿערדיקן שטראָף.
נאָר זאָל נישט בלײַבן ניט־דערהערט מײַן תּפֿילה —
אַ קול אין מדבר און אַ תּפֿילת־שווא.

## לידער, מײַנע לידער

איר האָט געפּעלשט אין מיר, אָ, לידער, מײַנע לידער,
ווי ס׳פּעלשט אַ הפֿקר־זון אין מאַמעס הייסער טרער:
כ׳האָב אײַך אַרויסגעשיקט צו טרייסטן מײַנע ברידער —
און איר געוואָרן זענט אין שונאס הענט אַ שווערד.

כ׳האָב אײַך צו ערשט געשיקט ווי זילבער־ווײַסע טויבן
אַ בשורה אָנזאָגן פֿון זון און ליכט און ברויט —
איצט קערט איר זיך צוריק און קלאַפּט אין מײַנע שויבן,
ווי ראָבן פֿינצטערע, ווי אָנזאָגערס פֿון טויט.

כ׳האָב שפּעטער אײַך געשמידט אין שעהען פֿון סכּנה
און אײַך געשיקט צום פֿײַנט — אַ פֿײַערדיקע שפּיז —
זײַט איר אין שונאס הענט אַליין געוואָרן שונאים,
איצט גיפֿטיקט איר מײַן האַרץ מיט סם פֿון שלאַנגענביס.

איך האָב פֿאַרזייט דורך אײַך אין וויסט פֿון לעבן קערנער,
געשפּײַזט אײַך מיט מײַן טרער, גענערט אײַך מיט מײַן בלוט —
איצט האָט איר אויפֿגעשפּראָצט ווי מדברדיקע דערנער
אין הענט פֿון פֿײַניקער — אַ שטראָפֿנדיקע רוט.

איך האָב אײַך אויסגעגליט אין פלאַמעדיקן צאָרן
צו טרעפן שונאס האַרץ אין גרויזאַמען פאַרלענד —
איצט ברענט אויף אײַער פלאַם אַ שטעכעדיקער דאָרן,
מײַן אויסגעוואָרצלט האַרץ, און ווערט אַלץ נישט פאַרברענט.

זאָל ס׳רעשט פון מײַנע טעג מײַן זעל חרטה בריִען,
דעם זיסן יאָך פון ליד אין טערפקן פײַן איך בענטש.
אַפילו אויף די טרעפ פון וואַרטנדיקער תּליה
כ׳וועל זינגען אַ געזאַנג דעם קעמפערישן מענטש.

איר האָט געפעלשט אין מיר, אָ, לידער, מײַנע לידער,
ווי ס׳פעלשט אַ הפקר־זון אין מאַמעס הייסער טרער.
און איך — ביז לעצטן וואָרט, ביז לעצטן הויך פון ווידוי —
נישט פעלשן וועל אין אײַך, אָ, לידער מײַנע, כ׳שווער!

## מן המצר

מן המצר קראתי יה
ענני במרחב יה.
תהילים, קי״ח

— א —

פון טיפן קלעם איך רוף צו גאָט,
נאָר שטיל אַרום און קיינער ענטפערט.
אין סטעפ, אויף קיינעמס ניט באַראָט,
דערשלאָגן ליגן טויטע קעמפער.

אין אַחדות שלאָפן טויטע קעפ
און ברודער טוליעט זיך צו ברודער.
עס פליִען קראָען איבער קעפ
און וואַרטן שוין אויף רײַכער סעודה.

מיט רויטע טרערן ווײנט די ערד
און שטערן בילן ווי שאַקאַלן.
עס וואַרט די נאַכט — אַ מאַראָדער —
די טויטע קעמפּערס צו באַפאַלן.

און איך, דער לעצטער פונעם שטאַם,
איך קלײַב אַן אבֿר צו אַן אבֿר
און גראָב דורך שטיינער און דורך זאַמד
פאַר זיי אַ ברידערלעכן קבֿר.

עס בליט די געלע בלום פון טויט
אויף שטערנס ליכטיקע און שטילע.
און איך — די הענט אין בלוט און קויט —
איך זינג נאָך זיי די לעצטע תּפֿילה.

איך שרײַ צו גאָט פון טיפן קלעם:
— אָ, זע די שענדלעכע נבֿלה!
ווי לאַנג וועסט דולדן, אַדושם,
דעם רשעס גרויזאַמע ממשלה?

ווער האָט זיי אויסגעקוילעט, ווער
אין שׂנאה חיהשער, ווי קין,
און אָנגעזאַפּט די קאַלטע ערד
מיט בלוט פון ליכטיקע באַפרײַערס?

— ב —

און האָרך! ס'באַרירט אַ לײַכטער ווינט
די קעפּ פון אויסגעשלאַכטע קעמפער.
און ווי אַ פאַרכטיקער גזר־דין,
איך הער, דער קול פון שדי ענטפערט:

— דו ווייסט, ניט שׂונא האָט געטויט
די העלדן ליכטיקע און בראַווע —

ס׳האָט זיי דערשאָסן אונטער פּלויט
אַ פֿרײַנד, אַן אייגענער, אַ חבֿר.

אומזיסט דײַן יאָמערלעך געבעט,
אומזיסט דײַן שפּעטלעכע חרטה.
אויך דו געזינדיקט האָסט, פּאָעט,
און פֿון אַחריות ביסט נישט פּטור.

האָסט אויך געשפּאַנט מיט פֿרעכע לײַט
אויף וועגן פֿינצטערע און קרומע.
עס ליגט אויף דיר די קרעץ פֿון צײַט
מיט בלוט, מיט רשעות און מיט טומאה.

עס ליגט אויף דיר אויך זייער חטא,
נישט מאָן קיין רעכט, נישט בעט קיין גנאָדן.
נישטאָ פֿאַר דיר קיין טרייסט, פּאָעט,
באַזינגער פֿון ממשלת־זדון.

איך צייכן דאָ דײַן שטערן רויט,
מיט צייכן פֿון דער ווילדער חיה.
אַנטלויף, אַנטרין אין לאַנד פֿון נוד,
ווי ס׳איז געלאָפֿן זיידע קין.

און וואָגלען זאָלסטו נע־ונד
פֿון לאַנד צו לאַנד, געיאָגט פֿון מענטשן:
ס׳וועט יעדע פֿרײַנדשאַפֿט זײַן פֿאַרראַט,
אַ וויסטע קללה — יעדע בענטשונג.

פֿאַרשאָלטן זײַן וועט יעדע שעה
און הפֿקר, הפֿקר ס׳גאַנצע לעבן —
פֿאַר קינס אייניקל ז׳נישטאָ
אויף ערד, אויף היגער קיין פֿאַרגעבונג.

איך בייג מײַן מידן קאָפּ. גאָטס שטראָף
אויף מיר, ווי סקילה, האָגלט, האָגלט.
איך מורמל פרײדיק: „גאָט, כּי טובֿ,
ווי קיין בין איך גרייט צום וואָגל!"

## שמע ישראל

די נאַכט איז פֿול מיט אומקום און מיט שוידער,
מיט אַנגסט פֿון טויט פֿון אַלע ווינקלען דראָט.
איך שטיי פֿאַר דיר אין קלעם פֿון ענגן חדר:
— שמע ישׂראל אַדושם אחד!

איך שטיי פֿאַר דיר, אַ חוטא און אַ טמא,
מײַן האַרץ אין פֿלאַם — אַ מדברדיקער סנה.
איך וואָלט געוואָלט דיך אָנרופֿן בײַם נאָמען,
נאָר שטום בין איך — אַ זינדיקער כּבֿד־פּה.

איך שטיי פֿאַר דיר מיט טרערן אויף די וויִעס:
מײַן לײַב־און־לעב — אַן אײַטערדיקע ווונד,
ווי ס'איז אַמאָל געשטאַנען אויף מוריה
פֿאַר דיר דײַן קנעכט אַבֿרהם מיט זײַן זון.

נאָר נישט מײַן זון איך פֿיר צו דער עקדה:
פֿון מײַנע זינד איז ער, מײַן יורש, ריין.
אָ, גאָט, מײַן גאָט, אין נאַכט פֿון גרויל און שוידער
איך ברענג צו דיר אַ קרבן זיך אַליין.

כ'בין יאָרן לאַנג געווען אַן עבֿד־כּנעני,
האָסטו מיך, גאָט, צום בײַשטידל גענאָגלט.
אָ, אלי, אלי, למה עזבֿתּני?
צי זעסטו נישט, ווי שווער עס איז דער עול?

איך שטיי פֿאַר דיר און הער דײַן אָטעם רוישן
און זע דעם אָפּשײַן פֿון אַ ווײַטן ליכט,
ווי ס׳איז אַמאָל פֿאַר דיר געשטאַנען משה
און זען געוואָלט אַ שטראַל פֿון דײַן געזיכט.

נאָר איך, מײַן גאָט, איך וויל ניט זען דײַן פּנים,
כ׳וויל בלויז אַ צייכן, אַז דו הערסט מיך, גאָט.
אין נאַכט פֿון גרויל און אומקום און סכּנה:
— שמע ישׂראל אֲדושם אחד!

1940

## איך וועל ניט לעסטערן דיין נאָמען

האָסט מיך מיט קרעץ געשלאָגן, גאָט,
ווי ס׳איז געווען געשלאָגן איובֿ:
מײַן לײַב — אַ ווונד פֿון קאָפּ ביז טראָט,
קיין גליד ניט גאַנץ — איין מכּה טריה.

און ס׳קומען ניט צו מיר קיין פֿרײַנד,
נישט בלדד, צופֿר, נישט אליפֿז,
צו טרייסטן מיך אין שעה פֿון פּײַן
און מיטשווײַגן אין צער אין טיפֿן.

איך וועל ניט לעסטערן דײַן נאָמען.

עס האָבן פֿרײַנד זיך אָפּגעשיידט
פֿון מיר מיט טויזנט הבֿדלות.
און אַלץ, וואָס כ׳הער פֿון זיי, איז רייד
פֿון טאַדל, שפּאָט און וויסטע קללות.

איך וועל ניט לעסטערן דײַן נאָמען.

איך ווייס: אין נאַכט פֿון טויט און גרויל,
ווען הפֿקר וועט אויף גאַסן כוואַליען,
גרייט פֿאַר מײַן נאַקן שוין אַ קויל
מײַן חבֿר נעכטיקער — דער תּליון.

איך וועל ניט לעסטערן דײַן נאָמען.

אויב קומען וועט געגאַרטער סוף
אין נאַכט פֿון אומקום און רציחות,
איך נעם מיט ליבשאַפֿט אָן דײַן שטראָף,
ווײַל כ׳האָב געפֿעלשט אין דײַן שליחות.

איך וועל ניט לעסטערן דײַן נאָמען.

1940

## די צוואה פֿון אַנטוישטן קאָמוניסט

ווען געקומען אַהיים איז דוד
פֿון בראַגינס לוויה, באַטריבט,
האָט ער אויפֿן טיש, צווישן כּתבֿים,
געפֿונען מאַרקס׳ מאַנוסקריפּט.
האָט דוד אין בראַגינס צוואה
ביזן פֿרײַען באַגין זיך פֿאַרטיפֿט.
עס גלײַען ווי שײַטערס די שעהען
און בלוט פֿון די שורות טריפֿט.

„איך שרײַב דאָ די וואָרענונג־צוואה
פֿאַר דיר, דוד בלאַנק, מײַן פֿרײַנד.
כ׳קאָן קיינעם ווי דיר, נישט טרויען
מײַן האַרץ וואָס גייט־אויס אין פּײַן.
ס׳האָט עס קיינער קיין רעכט נישט צו דרוקן

אָן דײַן וויסן און אָן דײַן רשות.
איך ווייס, איך בין אַ חולה־מסוכּן,
און עס וואַרגט מיך דער תּליון — דער הוסט.
נאָר איך שרײַב איצט בײַם פֿולן זינען
אין די טעג פֿון מהומה און בראָך,
ווען עס רײַסט איבער וועלט די שׂנאה
אין פֿינצטערן צעפֿאַלאָך [2].
איך ווייס נישט, צי איך בין עס ראוי,
נאָר כ׳בין דאַנקבאַר דעם גורל, געוויס,
וואָס שרײַבן איך קאָן די צוואה
פֿון אַנטוישטן קאָמוניסט.
כ׳האָב געשריבן מיט בלוט און מיט פֿײַער
מײַן צוואה די לעצטע צוויי יאָר —
זאָל דאָס זײַן מײַן קליינער צושטײַער,
מײַן צינדז דעם „פֿאַרמשפּטן דור“.
אונדזער דור האָט געמאָנט אַ קרבן,
נאָר ס׳האָט גאָט נישט געשיקט קיין לאַם,
איז פֿאַרמשפּטער דור געשטאָרבן
אַליין אויף עקדה־פֿלאַם.

ס׳האָט געבוירן אַ פֿינצטערן רעטער
אונדזער גרויזאַם פֿאַרמשפּטער דור,
נאָר דעם רעטער געאַרבט [3] האָט פֿאַררעטער,
דער תּליון פֿון ליכטיקער וואָר.
מיר האָבן געגלייבט זײַנע טאַטן,
מיר האָבן צו אים זיך געבוקט,
נאָר ס׳האָט, ווי אַ הור, אונדז פֿאַרראַטן
דער מײַסטער פֿון לוג און באַטרוג [4].

[2] צעטומלעניש, כאַאָס. — [3] געירשנט. — [4] ליגן און פֿאַרראָט.

באַשולדיקט האָט ער קאָמוניסטן
אין שליסן מיט שׂונא אַ בונד...
(זאָל דאַרן אין מויל אים, אין וויסטן,
די פֿאַלשע, פֿאַררעטערישע צונג!)
אָבער ער, און נישט זיי, האָט פֿאַרשניטן
דעם בונד מיט בלוטיקן פֿײַנד
און געשיקט האָט ער זיי צו דער שחיטה,
לענינס טרײַסטע און נאָענטסטע פֿרײַנד.
ס'איז שוין לאַנג ווי עס פּלאָגט מײַן געוויסן,
ווי אַ פֿינצטערער, שווערער דעליר,
די אומזיניק גרויזאַמע מיתה
פֿון בוכאַרין, גאַמאַרניק, יאַקיר.
גיב אַ טראַכט: נאָכן „רײַכסטאָג־פֿײַער"
האָט דימיטראָוו אין הייסן געפֿעכט
אין די לאַפּעס פֿון היטלער־חיה
זיך נישט מודה געווען אין „פֿאַרברעך".
נאָר פֿאַרקערט: פֿון געריכט־טריבונע
האָט הערלעך און שטאָלץ געשאַלט
זײַן קול, פֿול מיט האַס און אמונה,
קעגן נאַצישן קאַניבאַל.
און עס האָבן זיך היטלער און גערינג,
פֿאַרשיכּורט פֿון רוצחישער לוסט,
געקאָרטשעט פֿון ווייטיק ווי ווערעם
און אים ענדלעך באַפֿרײַען געמוזט.
און סטאַלין אין געריכטס קולוואַרן
האָט פֿון תּענוג געריבן די הענט,
ווען עס האָט אונדזער רבי בוכאַרין
אין „פֿאַרראַט" זיך מודה געווען.

כ'האָב אַמאָל געהערט פֿון דיר, דוד,

אַ וואָרט ווי אַ חלף אַ שאַרפֿס,
זינט דעמאָלט עס האַלט געקאָוועט
דײַן וואָרט מײַן צעריסן האַרץ:
„ווען עס האָט ראָבעספּיער דאַנטאָנען
געשיקט אויפֿן עשאַפֿאָט,
געווען איז עס פֿינצטערער אָנזאָג,
אַז עס איז די גאולה — באַנקראָט".
ביסט גערעכט! ווען עס פֿאַלט אַ הבֿל,
נישט בלויז קין איז שולדיק אין מאָרד!
מיר האָבן אַליין זיך אַ קבֿר
געגראָבן פֿאַר אייגענעם דור.

מיר האָבן די פּראָסטע מאָנטיקס
אין יום־טובֿ פֿאַרוואַנדלען געוואָלט,
נאָר מיר האָבן אַליין זיך פֿאַרפּלאָנטערט,
ווי מאַלפּעס, אין ראָד פֿון דערפֿאָלג.
מיר האָבן ווי טרוימען מאַיאָווע
געחלומט אַ נײַע וועלט,
נאָר געאַרבט האָבן מיר סם־המוות
און אומקום און טיל־און־תל.
מיר האָבן געקעמפֿט פֿאַר פֿרײַהייט,
פֿאַר דעם וואָס איז אָרעם און שוואַך,
נאָר דער רעטער געוואָרן איז חיה
קוים ער האָט נאָר באַקומען די מאַכט.

מיר האָבן געהויבן דאָס היטל
פֿאַר אַ געץ וואָס געפֿעלשט האָט אין ציל,
פֿאַר אַ בליאַסקענדיק פֿאַלשן פּוזיטל [5]

[5] אָנגעבלאָזן פיגורל.

מיר האָבן אַ וועלטטרוים פֿאַרשפּילט.
מיר האָבן אין האַס זיך פֿאַרכלינעט,
אין הפֿקר פֿון גרויזאַמער טאַט:
פֿאַרזייט האָט מען קערנער פֿון שׂנאה,
איצט שניַידן מיר פּרוכט פֿון פֿאַרראַט.
מיר האָבן אַליין געכשרט,
געבענטשט דעם תּליונס האַק,
איצט צאָלן מיר דאָפּלטן מעשׂר
און רעכט איז אויף אונדז דער פּסק.

און ווער איז דער בוגד? ווער — רעטער?
ס'איז אַן איבערגעקערטע וועלט:
בוכאַרין, גאַמאַרניק — פֿאַררעטער?
און רעטער — דער נבֿזה מאַנדעל?
ס'איז באמת נישטאָ ווער ס'זאָל לאַכן,
ווען ס'וואָלט טראַגיש אַזוי נישט געווען:
ס'האָט דער תּליון און גואל יד־אַחת
געמאַכט — און די רעטערס פֿאַרלענדט.
וועסט זאָגן, ס'איז הוילער שגעון:
אויך אויף אונדזערע הענט — זייער בלוט,
אויב די טאַט קענן זיי באַיאָען
האָבן מיר געהאָלפֿן דעם ברוט.
די גאולה מוז מען פֿאַרטיפֿן
און זי טאָר נישט קרוינען קיין העלד,
אַניט נעמט ער טראָגן שליפֿעס
און ווערט אַ געפֿאַר פֿאַר דער וועלט".

„געווען זיַינען גליקלעך די זיידעס:
זיי האָבן אויף משיחן געוואַרט.
און מיר? נאָך אַלע עקדות
האָט זיַין קומען אונדז אָפּגענאַרט.

כּל־זמן ס׳איז נאָך דאָ אַ חלום,
אַז משיח וועט קומען אַ מאָל,
איז גרינגער צו לײַדן דעם גלות,
איז זיסער צו טראָגן דעם עול.
נאָר קוים ווערט דער חלום מקוים,
פֿאַלט־אַרונטער דער לעצטער שנור:
איבער נאַכט פֿון אַ בתולה — אַ צנועה
ווערט גאולה אַ הפֿקרע הור.
משיח טאָר קיין מאָל נישט קומען,
גאולה דאַרף בלײַבן אַ טרוים,
ווײַל קדושה ווערט שטענדיק טומאה,
ווען דער מענטש רירט זיך צו צו איר קוים.

ס׳איז שוין לאַנג ווי מיך פּײַנען קאָשמאַרן,
און אָפֿט מאָל איך זע אין דעליר,
ווי זיי שטייען — גאָמאָרניק, בוכאַרין —
און זיי טײַטלען מיט פֿינגער אויף מיר:
„חבֿר בראַגין, ביסט אויך נישט זכּאַי,
ביסט אויך חייבֿ אין תּליונס גרויל —
אויך דו האָסט אין אונדזער נאַקן
אַרײַנגעשאָסן אַ קויל!
אויך דו האָסט געפֿירט אונדז צו שחיטה
אויך דו ביסט אַ שותּף צום מאָרד
פֿון אונדז, פֿון די לעצטע שפּליטערס
פֿון לענינס פֿאַרמשפּטן דור".

כ׳האָב אַנומלט געזען אַ חלום,
אַ פֿינצטערן, וויסטן קאָשמאַר:
צוויי געזיכטער אין רעם, אין שמאָלער,
שטייען איינס קעגן צווייטן פֿאַרשטאַרט.
אויף איין זײַט שטייט חבֿר לענין,

דער גרויסער באַזינער פֿון טאַט,
אויף דער צווייטער, באַזוימט מיט פֿענער,
שטייט סטאַלין — דער מערדער און קאַט.
צווישן זיי אַ פֿינצטערער תּהום איז
און קיין בריק איבער אים איז נישטאָ:
בלויז אומגליק און פּײַן און מלחמות
און ס׳געוויין פֿון דער שוואַרצער קראָ.

און געטראַכט האָב איך: וואָס איז דער חילוק,
וואָס אויף אייביק זיי ביידן צעשיידט?
ס׳האָט דער צווייטער פֿינצטער פֿאַרטיליקט,
וואָס דער ערשטער האָט ליכטיק געבויט.
ס׳האָט לענין געזוכט דעם שליסל
צו פֿרײַנדשאַפֿט פֿון פֿאָלק און לאַנד,
און סטאַלין אין אַ פֿעלקער־תּפֿיסה
האָט פֿאַרוואַנדלט דעם ראַטן־פֿאַרבאַנד.
ס׳האָט דער בוגד און קאַט און כאַמולע
אויסגעמאָרדעט נישט בלויז אונדזער דור,
נאָר דערוואָרגן דעם טרוים פֿון גאולה
אויף דורות, אויף טויזנט יאָר.
און עס הערשן פֿאַרצווייפֿל און הונגער,
אַפּאַטיע, פֿאַרראַט און כאַלטור —
מיר גייען צוריק צום דזשאַנגל,
צו די צײַטן פֿון איידער־אור,
ווו עס קיניגט דער „טאָטעם־גאָט״ סטאַלין
און מאַנדעל איז זײַן העכסטער פֿאַרענטש,
זיי געהערן צו די „נעאַנדערטאַלן״,
צו דעם איידער־איידער מענטש״.

*

„אָך, דוד, ווי שווער ס׳איז צו שרײַבן

אַ באַשולדיקונגס־אַקט קעגן זיי,
נאָר עס שרעקט מיך: ווער וועט דאָ פֿאַרבלײַבן
די פֿירערס פֿון אונדזער פּאַרטיי?
אַ הײַפֿעלע וויסטע שקרנים
מיטן נבֿזה מאַנדעל אין דער שפּיץ,
וואָס וועלן זיך לאָבן מיט שונאים
און הערשן מיט קויל און מיט שמיץ.
מיר אַליין האָבן זיי דאָך באַשאַפֿן,
צו פֿאַרנעמען נאָך אונדז אונדזער אָרט,
זיי — פֿון אייגענער רשעות די שקלאַפֿן,
די מײַסטערס פֿון שאַנדטאַט און מאָרד.
מיר האָבן זיי אויסגעכאָוועט
צו זײַן אונדזער אייגענער קאַט,
איצטער צאָלן זיי אָפּ אונדז, דוד,
מיט שקר און האַס און פֿאַרראַט.
מיר האָבן אַליין נישט באַנומען,
ס'איז צו שוואַך פֿון מאָראַל די פּאַרענטש:
פֿאַר אַ לעבן פֿון יושר און בלומען
ז'נאָך נישט ראוי דער הײַנטיקער מענטש.

אפֿשר שפּעטער — אין אלף השבֿיעי,
און אפֿשר גאָר קיין מאָל נישט...
אָבער איצט... אונדזער ליכטיקע זריעה
ליגט פֿאַרפֿוילט אין דער פֿינצטערניש...
אונדזער חלום — אַ קרעטשמע אַ פּוסטע,
די גאולה — אַ מיאוסער באָרדעל,
און דער גואל — אַ פֿינצטערער מוסטער
פֿון קאַפּאָניס [6] גענגסטער־קאַרטעל.

---

[6] אַל קאַפּאָני, אַ פירער פון אַ גענגסטער־באַנדע אין פ"ש נאָך דער 1טער וועלט־מלחמה.

ס׳האָבן פּליִיסיק געאַרבעט דורות
צו אַנטוויקלען דעם מענטשלעכן מאַרך,
אַז עס זאָל דער געדאַנק אָן מורא
דערגרייכן פון שלימות דעם באַרג.
איז געקומען דער מאָסקווער רוצח
און דערפֿונדן אַזאַ אַפּאַראַט:
דעם געדאַנק צו פֿאַרלעשן אין מוח —
מענטש זאָל ווערן אַן אויטאָמאַט.
אָ, דאַן וועט דער מענטש שוין פֿאָלגן
אַלץ, וואָס דער פֿירער באַפֿעלט:
נישט קיין מענטשהייט — מושטירטע פֿאָלקן,
איבער זיי — דער געזאַלבטער העלד.
ס׳איז אַן אַלטער געזעץ, פֿון קדמונים:
צום טיראַן, וואָס פֿאַרשמידט זיי אין קייט,
האָבן שטענדיק געבוקט זיך המונים,
און דעם גואל — פֿאַרשטיינט און געטייט.

און ווייסט, וואָס אין נעכט אין דולע
איצט עקבערט מיַין מאַרך ווי אַ שפּיז:
ס׳מוז עפּעס זיַין, ברודער, מכולה
מיט דער גאַנצער סיסטעם פֿון מאַרקסיזם.
„דער מאַרקסיזם איז די קרוין פֿון געשיכטע“,
האָט אונדז לענין געלערנט שוין לאַנג:
אויב מאַרקסיזם האָט געבראַכט צו פֿאַרניכטונג,
איז די לערע די גאַנצע קראַנק.
ס׳האָט געקימערט זיך מאַרקס וועגן מעהרווערט,
וועגן פֿריַיהייט פֿון אַרבעטער־הענט,
נאָר עס האָט אין זיַין בלינדקייט דער לערער
פּראָסט־און־פּשוט פֿאַרגעסן דעם מענטש.
ער האָט נישט געקאָנט באַגריַיפֿן
דעם קלאָרן און אורן זין:

אַז דער מענטש וויל נישט זײַן קיין שרײַפֿל
פֿון דער ניצלעכסטער, בעסטער מאַשין.

אַז ס׳האָט גאָט אים באַשאַפֿן בדמותו
ווי דעם כּתר פֿון זײַן יצירה,
וויל דער מענטש מער נישט גיין, ווי די סוסים,
אין שפּאַן אונטער בײַטש פֿון ווירט.
יאָ, ס׳איז עפּעס מכוּלה, כ׳האָב מורא,
מיט דער גאַנצער סיסטעם פֿון מאַרקסיזם,
אויב זי האָט אין געציילטע פּאָר דורות
אונדז געבראַכט צו אַזאַ קאַטאַקליזם.
אויב מאַרקס׳ געניאַלע אידייע
אויסגעשמידט האָט אין פֿײַער פֿון שטרײַט:
אַ לענינען — אויף איין זײַט מטבע
און אַ סטאַלינען — אויף דער צווייטער זײַט.
אויב מאַרקסיזם האָט געקאָנט געבוירן
אַ „לוביאַנקע” און אַ „מאַרטערקעמפּ”,
איז אַ פֿלוך און אַ שוואַרצער חרם,
אַ תּוכחה אויף אַזאַ סיסטעם!
אויב דורך שחיטות און מאָרד און טומאה
דער וועג צו דערלייזונג שפּאַנט,
בין איך מוחל די גאולה באַקומען
פֿון אַ מערדערס פֿאַרבלוטיקטער האַנט.

אַך, בלאַנק דורך דער גאַנצער קוליעניש
מיר האָבן פֿאַרגעסן אין קאַמף:
אַז גאולה אָן צדק ז׳קיין גאולה נישט,
ווי ברויט אָן פֿרײַהייט איז סם,
מיר האָבן געשאַפֿן אַ פֿעטיש:
די מאַסע, דעם אַרבעטער־קלאַס.
די מענטשהייט געליבט טעאָרעטיש,

נאָר פּראַקטיש דעם מענטשן געהאַסט.
יאָ, דער גרעסטער פֿון אַלע קאַשמאַרן:
מיר האָבן געחלומט צו בוי'ן [7]
אַ ליכטיקן קלאַס פּראָלעטאַריער,
פֿון קינפֿטיקן מענטש די קרוין.
און אַז אַך און אַז ווײ און אַז ווינד אונדז:
נישטאָ מער קיין אַרבעטער־קלאַס!
פֿאַראַן בלויז אַ סטאַדע, אַ בלינדע,
וואָס פֿאָלגט בלויז דעם פֿאַסטעכס פּריקאַז.
צי איז ער געווען נאָך נישט ראוי,
צי האָט אים מאָראַל געפֿעלט,
נאָר פֿאַרצוקט ווי אַ חיה־רעה
האָט ער אונדז, זיך אַליין און די וועלט.

מיר האָבן פֿאַרזייט פּאַלאַווע
און מיר האָבן געשניטן תּל.
מיר האָבן פֿאַרראַטן דעם עבֿר —
האָט די צוקונפֿט אין אונדז געפֿעלשט.
אונדזער ליכטיקער טרוים — אַ ראַזוואַ [8],
אונדזער גלויבן — אַ נאַקעטער ביין:
מיר שטייען פֿאַר שערבלעך פֿון לוחות,
וואָס מיר האָבן צעשמעטערט אַליין.
און ווי בין איך מקנא משהן:
ער איז נישט אַרײַן קיין כּנען,
נאָר ער האָט כאָטש פֿון פּסגה אין בלויש־ען
געזען דאָס פֿאַרשפּראָכענע לאַנד.
און איך? ווי ביטער מײַן אָרב איז
אין דער פֿינצטערער, לעצטער שעה:

[7] (צוליב פּאָעטישער ליצענץ) בויען. — [8] חורבן.

ווי שווער איז, ווי שווער מיר צו שטאַרבן,
ווען איך ווייס, אַז דאָס לאַנד איז נישטאָ!
נישט געווען און נישט זיין אפשר קיין מאָל...
מיר האָבן געחלומט סתם...
און עס פייניקט מיך לעצטנס אַן אימה:
מיר האָבן פאַרראַטן דעם שטאַם.
פאַרראַטן די טאַטעס, די זיידעס,
נאָר וואָס איז נאָך אַ גרעסערע זינד:
מיר האָבן געבראַכט אויף עקדות
זיך אַליין און אויך אונדזערע זין.
מיר האָבן צו אָפט געשפיגן
אין דעם ברונעם פון אונדזער שטאַם,
וווּ געדאַרפט האָט מען ציִען יניקה
ווי אַ קינד פון דער ברוסט פון זיין אַם.

געדענקסט, בלאַנק, די חבֿרונער שחיטות,
דעם ווילדן פאָגראָם אין צפֿת,
געשטראָפט האָב איך דעמאָלט דיך ביטער,
אַז פאַרברעכסט קעגן אונדזער קלאַס.
כ׳האָב געזאָגט דאַן: „וווּ ס׳קלינגען די קייטן,
דאַרף זיי ברעכן דער באָלשעוויק,
ווייל אויף פיין פון אַ פאָלק, פון אַ צווייטן,
מ׳קאָן נישט בויען דאָס אייגענע גליק“.
כ׳האָב געגלייבט דאַן, ווי אַלע פאַרטייער,
פון מאַרקסיסטישן אמת באַהעלט,
אַז „דער ייִד וועט פון יאָך זיך באַפרייען
בלויז מיט פעלקער פון גאָר דער וועלט“.

כ׳האָב, דוד, געזוכט דאַן באַיאָען [9]

---

[9] צו זאָגן יאָ.

דעם פֿינצטערן, פֿאַלשן נײַן,
איך בין דעמאָלט באַגאַנגען אַ טעות:
כ׳האָב געלײקנט אין אײגן געבײן.
אויך דאָ האָט געפֿעלשט דער „רעטער״,
ווײַל ס׳איז שקר געווען זײַן געבאָט:
כ׳האָב געיאָגט זיך נאָך פֿרעמדע געטער —
און פֿאַרשפּילט דעם אײגענעם גאָט.
איך געדענק פֿון די חדר־יאָרן:
משהס סנה אין פֿלאַמפֿײַער ברענט:
עס פֿלאַקערט אין מדבר אַ דאָרן,
ער פֿלאַקערט און ווערט נישט פֿאַרלענדט.
און משה, דער מדינער פּאַסטעך,
נישט געוואָגט האָט גענענען צום סנה,
ביז ס׳האָט אים פֿון הימל אַ בת־קול
גערופֿן: „בן־אָדם, זע!
טו־אויס דײַנע שיך, ווײַל ס׳איז הייליק
די ערד אונטער טרעט פֿון דײַן טראָט!״ —
האָט משה זײַן פּנים פֿאַרהוילן
אין פּחד צו קוקן אויף גאָט.

און מיר, די כּהנים פֿון גאולה,
מיר האָבן אָן פּחד געוואָגט
אַריבערצושפּאַנען די גבֿולן —
און האָבן באַקומען דעם פּסק...
און פֿאַר אונדז איז דער חומש־דאָרן
אין דעם גרויזאַמען יאָר שנת הת״ש
דערברענט און פֿאַרלאָשן געוואָרן —
און באַגראָבן אונדז אונטער זײַן אַש.
מיר האָבן דעם קנופּ פֿון המשך
צעהאַקט מיט דער לעסטערונג־שווערד.

איצט שפּאַנען אַרום מיר אין קלעמשיך
איבער גאָטס אויסגעלידיקטער ערד,
און בײַם סוף פון מײַן מאַטערניש, דוד,
איך בעט, ווי אַ פרומער ייִד:
זאָל פאַרגעבן מיר גאָט פון די אָבֿות
מײַן לעבן — מײַן פאַלשן פּוזיט!
און דאָס איז דער וועלט מײַן וואָרענונג:
„קאָמוניזם איז שלאַנגישער סם,
מאַרקסיזם איז עבֿודה־זרה,
און אייביק איז פאָלק בלויז און שטאַם".

## זכרונות — ווי מערדערס...

...אין די שלאָפלאָזע נעכט, ווען עס רעגנט
אַרײַן דורך די לעכער פון דאַך,
בײַ אַ קאַגעץ[10] אויף האַרטן געלעגער
לייענט דוד דעם אַלטן תּנך.
ער בלעטערט דאָס בוך קהלת:
„הכּל הבֿל, דור הולך, דור בא".
ס'האַרץ פון מענטשן אַ פינצטערע צעל איז,
זוכט ער גאָט ביז דער לעצטער שעה.
עס שפּיזלט אין מאַרך, ווי מיט שווערדן,
דעם עבֿר, געטונקען אין גאַל,
און זכרונות ווי צערטלעכע מערדערס
באַפאַלן און שטיקן בײַם האַלדז:

ער דערמאָנט זיך: די נעכט בײַ צאַריצין,
גלי פון שטערן, ווי בלײַענער שראָט,

[10] קליין לעמפּעלע.

דאָרטן האָט ער אין שלאַכט, אין צעבליצטער,
געפֿונען אַ נײַעם גאָט.
און געדינט אים געטרײַ האָט ער יאָרן,
אָבער איצט איז געוואָרן אים קלאָר:
יענער גאָט איז עבֿודה־זרה,
און אָפּגאָט פֿון ברידערמאָרד.
די פּאַרטיי האָט געהאָט דאָך בראַגינס,
און טראָצקיס, גאַמאַרניקס, יאַקירס,
וואָס האָבן אין וואַנזין פֿון וואָגן
די וועלט צו גאולה געפֿירט.
די פּאַרטיי האָט אַ רעכט אויך אויף לומפּן,
אַזוינע ווי מאָריס מאַנדעל,
וואָס קריכן־אַרויס פֿון די זומפּן
און פֿאַרפּעסטן די ליכטיקע וועלט.
דוד טראַכט אין צעשײַטערטן עלנט:
„פֿאַר וואָס אַזוי שטענדיק פּאַסירט,
אַז דווקא די לומפּן, מאַנדעלן,
באַזיגן די בראַגינס, יאַקירס?"
ס'איז אַן אַלטער געזעץ פֿון קדמונים:
צום טיראַן, וואָס פֿאַרשמידט זיי אין קייט,
האָבן שטענדיק געבוקט זיך המונים,
און דעם גואל געשענדט און געטייט.
און זכרונות, ווי מערדערס, ווי דולע,
שפּיזלען־דורך דודס האַרץ אין באַגין:
„מוז שטענדיק די זונה־גאולה
טאַקע פֿרעסן די אייגענע זין?"...

און עס וועקט זיך אין דודס געוויסן
בראַגינס ווידוי — אַ גרויזאַמער גלאָק.
ער דערמאָנט זיך די נאַכט פֿון זײַן גסיסה

און זײַן וואָרענונג קעגן „שוואַרצער פּלאָג״:
יאָ, געַנאַרט האָט דער פֿאַלשער אָראַקל
מיט אַ טרוים פֿון אַ ליכטיקער וואָר...
און קלאָרער ווערט אים דער סך־הכּל
פֿון זײַן גאַנצן פֿאַרמשפּטן דור:
ס׳גאַנצע לעבן געבראָכן שטאַכעטן
און געפֿאָכטן אַ הייליקן קאַמף:
דאָס איז ער איבער פֿרעמדע געטער
געגאַנגען צום גאָט פֿון זײַן שטאַם.

אין דעם הבֿל־הבֿלים פֿון לעבן
פֿליסן גרויזאַם די נעכט און די טעג.
זוכט דוד דורך פֿינצטערן נעפּל
צו דעם גאָט פֿון די אָבֿות אַ וועג:
דער גאָט פֿון זײַן שטאַם — יהוה,
ער געדענקט אים פֿון חדר־באַנק:
געוועזן איז געקניפּט מיט אים דוד
מיט יעטווידן ריר פֿון געדאַנק.
ער דערמאָנט זיך דעם גאָט פֿון זײַן חדר,
זײַן חומשדיק־ייִנגלישן גאָט,
דעם גאָט פֿון יצחקס עקדה,
דעם גאָט פֿון יעקבֿס גענאָד.
דעם ליכטיקן גאָט פֿון בראשית,
דעם צאָרניקן גאָט פֿון שמות,
וואָס האָט זיך באַוויזן צו משהן
אויף הר־חורבֿ אין ערשטן אות.

און דוד דערמאָנט זיך אין אומעט
טאַטנס ווערטער פֿון ווייטיק און גנאָד:
„וועסט, זון מײַנער, אויך אַ מאָל קומען
צוריק צום ייִדישן גאָט!״ — — —

עס לויפט אים דער שלאָף פון די אויגן
און אין מוח אַ רעיון גליט:
„אפשר דאַרף מען אין ירידה זיך בייגן
און ווערן אַ פרומער ייִד?
אפשר דאַרף מען צוריק אין שול גיין
און צום אָרון־הברית טאָן אַ פאַל:
— אָ, רייניק מיך, גאָט, פון די שולדן
אין דעם ליכט פון דײַן לויטערן קוואַל!"

## דודס צוואה

„אָ, גוטע פרײַנד, ווען איך וועל שטאַרבן,
נישט טראָגט צו מײַן קבֿר אונדזער רויטע פאָן:
צעטראָטן אין מיסט, צווישן ביינער און שאַרבנס,
זי ליגט אַ פאַרשוועכטע פון קאָט און שפּיאָן.
אונדזער פאָן, וואָס געקעמפט האָט קעגן טראָגנען און געטער,
קעגן מאַכט פון טיראַן, קעגן תּליונס פאַרלענד —
איצטער וויקלט אין איר זיך דער מיאוסער פאַררעטער
און ווישט־אָפּ אין איר די פאַרבלוטיקטע הענט.
אַנטשולדיק מיר, ברודער — פאַרפּײַניקטער קעמפער,
מײַן לערער און חבֿר, פּאָעט עדעלשטאַט,
וואָס פינצטער און גרויזאַם מײַן דור האָט געענטפערט
אויף דײַן זויבערן גלויבן אין קאַמף און אין טאַט.
דו האָסט הייליק געגלייבט מיט באַוווער אמונה,
אַז ריין איז די פאָן, וואָס ברענגט פרײַהייט און גליק,
און איך האָב אין ווייטיק און אין שאַנד אויסגעפונען,
אַז עס קאָן אונדזער פאָן זײַן אויך אַ תּליה־שטריק.
צעפּיצלט, פאַרשוועכט ליגט דײַן באַנער פון דלות,
די פאָן פון גאולה, פון האָפענונג און קאַמף...

איז וויקלט מיך אײַן אין מײַן זיידנס טלית,
אין דעם זילבערן קלייד פֿון מײַן ליכטיקן שטאַם.
און לערנען מײַן טאַטע זאָל אַ פּרק משניות,
און צדקה צעטיילן מיט דער ברייטער האַנט.
און זאָגן אַ קדיש בײַ מײַן שטילער לוויה,
ווײַל מײַן זון ליגט אַ קדוש אין בירא־בידזשאַן.
און ווען איך וועל ליגן אַ טויטער אין קבֿר,
מיט פֿאַרוואָרפֿענעם קאָפּ צו דעם מזרח געווענדט,
קריצט־אויס אויף מײַן פּשוטער, גרויער מצבֿה
מײַן טאַטנס צוויי הייליק צעדוכנטע הענט.
און אונטן — מײַן נאָמען און דעם נאָמען פֿון טאַטן
אין צוויי פּשוטע שורות — און מער נישט קיין וואָרט:
„פּה נטמן — אַ קעמפּער, וועמעס פּאָן האָט פֿאַרראַטן
אי אים, אי זײַן גאַנצן פֿאַרמשפּטן דור".
און זאָלן די אָרעמע קבֿרים, די קרומע,
באַשײַנען מײַן קבֿר מיט אומעט און פֿריד:
אויב איך האָב נישט געלעבט ווי אַ ייִד, ווי אַ פֿרומער,
איז לאָמיך כאָטש טויט זײַן ווי אַ כשרער ייִד".

## יידיש *

אין גרויער נאַכט פֿון מיטל־עלטער,
ווען ס׳האָט געפֿלאַמט אויטאָ־דאַ־פֿע,
אויף וועגן שטייניקע און קאַלטע
געשפּאַנט אַ פֿאָלק האָט אַ כּבֿד־פּה.

ווי ס׳גאַרט אַ האַרץ נאָך גליק פֿאַרלאָשנס,
ווי ס׳חלשט גומען נאָך אַ טרונק,
האָט ס׳שטומע פֿאָלק געזוכט אַ לשון,
געלעכצט מיט פּלאַפּלדיקער צונג.

געבאָרגט די הייזון בײַ די סלאַוון,
אַ טיפּע מולטער בײַ דעם דײַטש
און ס׳האָבן מאַמעהענט שערשאַווע
פֿאַרקנאָטן ס׳טייג פֿון יידיש־טײַטש.

אַ ביסל צימרינג בײַ דעם שכן,
אַ טראָפּן האָניק בײַם תּנך —
ווען אויפֿגיין וועט מיט מזל־ברכה,
זאָל זיס אויף גומען זײַן די שפּראַך.

פֿון ווערטער פּשוטע, ווי גראָשנס,
פֿון פּראָסטע, וואָכעדיקע רייד,

---

* ל. פײַנבערג באַמערקט: „דאָס ליד יידיש האָבן איך אָנגעשריבן אין 1929“. בעת דער צווייטער וועלט־מלחמה האָט ער עס אויף ס׳נײַ באַאַרבעט עטלעכע מאָל און געדרוקט אין עטלעכע ווערסיעס. אַפילו אונטער אַנדערע טיטלען חזרן זיך דאָ איבער די זעלביקע שורות. זיי ווערן דאָ מיט אַ כיוון איבערגעדרוקט, צו קענען פֿאַרגלײַכן — רעד׳.

איז אויפגעגאַנגען מאַמע־לשון,
ווי פריש געראָטן היימיש ברויט.

אין שטעטלעך הויקערדיקע, וויסטע,
אין ליקן שיקלדיק און נאַס,
אויף אַלע בלײַענדיקע מיסטן
פון שוסטערגאַס און יאַטקעגאַס.

אין קיך, אויף בוידעמער, אין קעלערס,
אויף שפּעטע „סקאַדקעס״ [1] ביז קאַיאָר,
אַ טרייסט פאַר דינסטן און געזעלן
געווען איז אונדזער יידיש וואָרט.

פון זיד־אוקראַינע און פון רײַסן,
פון פּוילן, ליטע און וואָלין
געקומען זײַנען יונגע גרײַזן [2]
מיט רוקנס — הויקערדיק און דין.

פון פינסקער זומפּ, פון מינסקער בלאָטעס,
פון מיר, וואָלאָזשין און פון ליד —
און מיט שערשאַווע הענט פאַרקנאָטן
דעם זויערטייג פון אונדזער ליד.

פון זאַמאָשטש, קוידאַנאָוו, קאָפּוליע,
פון קוטנער מאַרק און קוילער־גאַס,
פון חדר־באַנק און לערערשול,
פון רש״י, פּוסקים און פון ש״ס.

אין שיך צעדרייטע, אין קאַלאָשן,
אין פּעלערינעס און אין פראַק,

---

[1] אומלעגאַלע אַרבעטער־פאַרזאַמלונגען, ס׳רוב אין וועלדלעך און אויף בוי־דעמער. — [2] זקנים.

צעקלינגען ס׳ליד פֿון מאַמע־לשון,
דורך שבת־יום־טובֿדיקע טעג.

זיי האָבן אויפֿגעאַקערט רויערד
מיט ליד, ווי זייער לעבן — פּראָסט,
און ס׳האָט געווייט מיט זיסן טרויער
פֿון יעדן ליכטיק שטומען אות.

צו ערשט — דער אַלטער פּאַקן־טרעגער
מיט מעשׂה־ביכלעך אין דער האַנט
האָט איבער הויקערדיקע וועגן
זײַן קלוגע קליאַטשע אײַנגעשפּאַנט.

נאָך אים, מיט הייסן דאָרשט נאָך וויסן,
צו ערשטע שטרײַטן ניט געגרייט,
האָט פּרץ הילפֿלאָז זיך געריסן,
אַ לייב — אין פּאַליש אויף דער קייט.

נאָך זיי, מיט שטראָפֿנדיקן שמייכל
אויף מויל, צעאַקערטן פֿון לייד,
געקומען איז שלום עליכם,
מיט טבֿיהס עמכדיקער פֿרייד.

דערנאָך, אין טריומפֿאַלן וואָגן
מיט דרײַ פֿערד נאַשפּיץ, אין גאַלאָפּ,
האָט שלום אַש זיך דורכגעטראָגן
מיט קרוין אויף גאווהדיקן קאָפּ.

און דאָ אין לאַנד פֿון פּעדלער־מקח,
פֿון אָרטשאַרד, ריוווינגטאָן און פּיט,
איז אויפֿגעגאַנגען ווי קאָרן־לעקעך,
אין ענגע מולטערס אונדזער ליד.

און דאָ, אין לאַנד פֿון ברום און העסטער,
אין עלנט פֿון אַ פֿרעמדער וועלט,
געברומט ווינטשעווסקי האָט זײַן „לעסטער״,
מיט שאַף געפּאַכטן ראָזענפֿעלד.

און קעגן מעכטיקע און חשובֿע,
און קעגן קרוין און קירך און שטאַט
געשטורעמט האָט דער צערנער באָושאָווער,
געדראָט דער צאַרטער עדעלשטאַט.

און איידער ס׳האָט נאָך טויט פֿאַרשלונגען
דעם לעצטן הילך פֿון זייער צײַט,
געקומען זײַנען הייסע יונגען
פֿון קריג, אָקאָפּעס און פֿון שטרײַט.

מיט לידער פֿריש, ווי צווייט פֿון קאַרשן,
מיט הערצער יונג, מיט שטימען העל,
פֿון ווילנע, מאָסקווע, קיִעוו און וואַרשע,
די בויערס פֿון אַ נײַער וועלט.

געקומען פֿון צעלעכצטע פֿראָנטן,
די זון פֿון שטורעמדיקן הײַנט,
אַרײַנגעגיסן אין נײַע אָנטלס [3]
דאָס ליד ווי ברויזנדיקן ווײַן.

בײַם האָדסאָן, ווײַסל און בײַם ניעמאָן,
בײַם בוג, בײַם דניעסטער און בײַם דניעפּ —
אָ, וויפֿל וווּנדערלעכע נעמען!
אָ, וויפֿל פֿלאַמעדיקע קעפּ!

---

[3] פֿעסער.

פֿון מאָסקווע ביז בוענאָס־אײַרעס,
פֿון פֿריסקאָ ביז ביראָ־בידזשאַן —
אַריבער ימען, שטעט און פּרייריס
הילכט אונדזער יובלדיקער שפּאַן.

מיר קנעטן ליים און טראָגן ציגל,
און ס'שווינגען שווינדלדיק די הענט,
און ס'וואַקסט דאָס ליכטיקע געבײַ,
אַ רייף פֿון שטאָל — דער פֿונדאַמענט.

עס לײַכטן פֿלאַמיק די געזיכטער
און ס'וואַקסט אַרום דעם גאַנצן עיגול,
און ס'יערט די פֿרייד בײַ יעדן דיכטער:
ס'איז אויך זײַן אַקסל דאָ דערבײַ...

מיר גייען־אויף אויף אַלע טראַקטן
מיט יונגע זינגעוודיקע טריט,
און ס'ברויזט און שטראָמט אין טויזנט טאַקטן
דער אָטעמצוג פֿון אונדזער ליד.

און איבער העלער הייך און נידער,
אַריבער לעסטערונג און טויט
גייט־אויף דאָס ליד פֿון מאַמע־ייִדיש,
ווי פֿריש, געראָטן היימיש ברויט.

*

און איצטער, ווען דורך טויט און פּחדים,
אין חורבן צווישן געטאָווענט,
אַ שטומער דריבלט זיך דער פֿאָדעם
פֿון ייִדיש וואָרט אין שׂונאס הענט —

אין אונטערערד פֿון וואַרשעס געטאָ,
אויף ליפּן אויסגעקרימט פֿון פּײַן,

דאָס וואָרט פון יידישע פּאָעטן
גייט־אויף, ווי היילנדיקער ווײַן.

און סומנער וועלט זאָגט־אָן די בשורה:
דורך מאַרטער, פּײַניקונג און שמיץ,
דורך תּליה־קנופּ, דורך טויט־יסורים,
דורך נעכט פון סוואַסטיקע און בליץ,

דורך בלוט און קריג, דורך בויט און שטרײַטן,
ווי ים און ערד, ווי באַרג און שטיין —
אַריבער אַלע אייביקייטן
וועט יידיש קיין מאָל ניט פאַרגיין!

## שפּראַך פון שפּראַכן

ביז גרייכן וועט די לעצטע האַנט די קאַלטע,
קאָן יידיש אויפרײַסן דעם אוניווערס.

א. לעיעלעס

אָ, מאַמע יידיש, שפּראַך פון שפּראַכן,
אָ, זיסער קלאַנג פון יידישליד:
אין נעכט פון צער, אין טעג פון נחת
האָט ס'פּראָסטע פאָלק דיך אויסגעשמידט.

ווי ס'גאַרט אַ האַרץ נאָך גליק פאַרלאָשנס,
ווי ס'חלשט גומען נאָך אַ טרונק,
האָט ס'שטומע פאָלק געזוכט אַ לשון,
געלעכצט מיט פלאַפלדיקער צונג.

גערבאָרגט אַ קאָרעץ [4] מעל בײַ סלאַוון,
אַ טיפּע מולטער בײַ דעם דײַטש,
און ס'האָבן מאַמעהענט שערשאַווע [5]
פֿאַרקנאָטן ס'טייג פֿון ייִדיש־טײַטש.

און צוגעמישט צו רויע הייוון
אַ מעסטל האָניק פֿון תּנך,
ווען אויפֿגיין וועט דאָס טייג אין אויוון,
זאָל זיס אויף גומען זײַן די שפּראַך.

פֿון ווערטער פּשוטע, ווי גראָשנס,
פֿון פּראָסטע, וואָכעדיקע רייד,
ביסט אויפֿגעגאַנגען, ייִדיש־לשון,
ווי פֿריש, געראָטן היימיש ברויט.

דורך ווײַן און טרויער, טאַנץ און גילה [6]
מיט באָרד, מיט מאַסקע און מיט טוך
האָט דער ערשטער זינגמײַסטער, דער שפּילמאַן,
געזונגען דיך אין שמואל־בוך.

אין אויוון טליִען נאָך די שפּענער,
ווי גינגאָלד פֿינקלט רויטער זשאַר [7].
דאָס לעצטע בלאַט פֿון צאינה וראינה
פֿאַרענדיקט ליגט — זײַן לעבנס־שׂכר.

ער שאַרט־אַוועק די בלעטער ווײַסע
און ס'רוט אַ שמייכל בײַ זײַן מויל:
— אַ לעבן לאַנג איין שיינע מעשׂה
פֿאַר פֿרויען ייִדישע דערציילט.

[4] מאָס פֿאַר קאָרן: 32 טעפּ. — [5] שאָרסטקע, צעקראַצטע. — [6] פֿרייד. — [7] צעברענטע, צעפֿלאַקערטע קוילן.

איצט וועלן איינזינקען די פושעים,
געשמיסן פֿון חרטה־בייטש,
איצט וועלן תורה לערנען נשים
אויף פשוט־פּראָסטן עברי־טייטש.

## מזמור שיר למאַמע־יידיש

אָ, מאַמע־יידיש, אין סכּנה,
נאָך גרויל פֿון גזירת ת״ח און ת״ט
ביסטו געווען אַ שוץ און אָנלען
אַנטקעגן מערדעריי פֿון קאַט.

ווען ס׳האָט געזוכט די חיה־רעה
פֿאַרצוקן אונדזער אורגעבייך,
אין מוסר־ים פֿון ווילנער גאון
האָסט אויפֿגעטויכט — אַ פֿעלדזנשטיין.

און שפּעטער אויפֿגעגאַן ווי הייוון,
אין טיפֿע מולטערס פֿון גענאָד,
אויף ליפּן פֿון קדושת־לוי [8],
וואָס האָט געמשפּט זיך מיט גאָט.

ווען ס׳האָבן טעג, ווי שוואַרצע קאַניעס,
געדראָעט מיט אומקום און מיט שמד,
געשעפּט אין דיר האָט דער בעל־תניא [9]
זיין הייסן גלויבן אין חב״ד.

האָסט אונדז פֿאַרזיסט די טעמנע [11] דאָליע,

---

[8] ספר פון ר׳ לוי־יצחק באַרדיטשעווער (1740—1809). — [9] ראָבן. — [10] ספר פון ר׳ שניאור־זלמן בן ברוך שניאורסאָן (1747—1813), באַקאַנט ווי רב מליאַדי, גרינדער פון דער חסידישער שיטה חב״ד: חכמה, בינה, דעת. — [11] פינצטערע.

פֿון יאוש־שלאַנגען אונדז באַשיצט
מיט קלוגן הערשל אָסטראָפּאָליערס
הלצה, גלייכווערטל און וויץ.

האָסט אויפֿגעשיינט אין מעשׂה־ביכל
פֿון צוימען־ברעכער אַקסענפֿעלד,
אין ספֿר־חסידים, שטערנטיכל,
אין אוצר און גענאַרטע וועלט.

און שפעטער האָט דיך אויסגעקעכלט
אין ווילנע אייזיק־מאיר דיק,
און ס'האָט דיין ליכטיקייט געפֿעכלט,
ווי משה אין זיין יאַמשן [12] ־וויג.

פֿון מעזשבעזש, אורקוואַל פֿון חסידיש,
ביז בראַצלאַוו, פּרוזדור צום אין־סוף,
איז מזמור שיר למאַמע־יידיש,
און הודו לאָדושם כי טובֿ!

## ישׂראל בעל־שם־טובֿ

אויף אָסיען־שליאַכן שפּאַנט אַ פויער
אין הויכע שטיוול און אין פּעלץ.
די זון גייט פֿוסטריט נאָך דעם גייער
און הינטער אים דעם שטויב באַהעלט.

אויף געלע צווייגן שפּילט די שקיעה
מיט פֿינגער ווי געלוישטער מעש

---

[12] באַמבו.

און שטראַלן גליִען אויף די ווײַעס
פֿון גרויען פּויערל, דעם בעש״ט.

ער קוקט־אַרום אויף ווײַטער רחבֿות.
די שטילקייט רוישט ווי בינענזשום:
אַזוי פֿיל פֿרייד, אַזוי פֿיל נחת,
אַזוי פֿיל הייליקייט אַרום.

אויף ליפּן פּלאָנטערט זיך אַ וואָלעך
און ווערט פֿאַרלוירן אין די רייד:
— „אוי, שיילט פֿון עצבֿות אָפּ די שאָלעכץ,
אַנטפּלעקט די זיסע יאָדרעפֿרייד״.

ער ציקלט שטום זיך מעשׂה חזן
און ברומט אַ ניגון אין דער באָרד:
— „אַ ליאַדע קריש פֿון עולם־הזה
איז זיסער פֿונעם שור הבר״.

ער שטעלט זיך אָפּ און דאַוונט מנחה,
עס שטאַרן פֿייגל אין געפּלעף:
— „אוי, עבֿדו אַדושם בשׂמחה,
מ׳דאַרף דינען גאָט־ברוך־הוא בלבֿ״.

דאָס פֿאָלק איז מיד פֿון לשון־קודש,
ס׳וויל דינען גאָט אויף פּראָסטער שפּראַך.
און דינען גאָט די גרעסטע פֿרייד איז,
און טאַקע דאָ — אין מיטן שליאַך.

איז זינגט מיט מיר אויף מאַמע־לשון:
דער מענטש איז פֿרייד, און פֿרייד איז גאָט!״
עס זינגט דער בעש״ט. אין בין־השמשות
אַ טשאַטע פֿייגל טאַנצט אין ראָד.

## נחמן בראַצלעווער

אַ שפּעטער שבת־צו־נאַכטס אין אומאַן.
ר׳ נחמן בראַצלעווער ליגט קראַנק.
בײַם בעט קוקט נתן צו מיט אומעט,
ווי מ׳רבינס לעבן צאַנקט און צאַנקט.

אויף חולהס שטערן שטאַרבט אַ רעיון.
ער עפֿנט־אויף די אויגן ברייט:
— „אײַ, נתן, זײַ זיך ניט מיאש,
כּל־זמן עס טליִעט נאָך דער קנויט.

דער זין פֿון תּורה איז ניט דאָוונען,
ניט אומקום און ניט טויטגעשריי.
איך חלום פֿון אַ ייִדיש־יבֿנה
אין קעלערשטוב פֿון איסט־בראָדוויי.

אין אַלע גזירות — אונדזער גורל
געווען איז תּורה קעגן מאַכט.
איך האָף: ס׳וועט אָפּשרײַען די גזירה
מײַן תּרגום־ייִדיש אויף תּנך".

## „די יונגע"

אין בראָנקס, אין בראָנזוויל און אין פֿלעטבוש,
אין שאָפּ, אין סטאָר און רעסטאָראַן
קלינגט ייִדיש־לשון נײַ, גרויסשטעטיש
אין מויל פֿון יונגן אימיגראַנט.

עס גייען בחורים פֿון וואַרשע
מיט גרינע מיידלעך פֿון אָדעס

אין לאַנגע איסט־בראָדווייער מאַרשן
אויף יידיש־ריידן אין פֿאַרמעסט.

און ס׳גאַפֿט בראָדוויי אין הוילן חידוש,
ווי ס׳זינגט די פֿאַרביקע איסט־סײַד:
אַ מזמור־שיר למאַמע־יידיש,
געמישט מיט „טראָבל" און „אָל־רײַט".

באַטראָטן דעמאָלט האָבן יונגע
דעם האַרטן שטיין פֿון איסט־בראָדוויי
און ס׳האָט זיך זייער ליד צעקלונגען
ווי זילבער־גלעקלעך אויפֿן שניי.

פֿון ראָזעווע אוקראַינער פֿריִען
צו רו פֿון קאַליפֿאָרניער היים
אַדורך זײַן ליכטיקע נסיעה
איז רויזנבלאַט דורך הרודעס, ליים.

מיט ברויז פֿון נײַעם לאַנד פֿאַרלאָקערט,
פֿאַרוואָרצלט שטאַמיק אין תּנך,
האָט שוואַרץ די סאַגע פֿון קענטאָקי
אין מאַמע־לשון אונדז געבראַכט.

און לאַנדוי — יחוסדיקער אייניק,
דער מאַן פֿון זינגעוודיקן ליד,
פֿון לעבן — גרוי ווי קיזלשטיינער
האָט גאָלד־און־גינען אויסגעשמידט.

און ס׳האָט איגנאַטאָוס יפֿתּחס טאָכטער
און ווונדער־מעשׂהלעך פֿון פּראָג
אין איסט־בראָדווייער טעג פֿאַריאָכטע
צעבליט זיך ווי אַ מאַנדלשטאָק.

## ל. פיינבערג

אין ענגער קאַמער שעהען רינען,
אויף ביכער־שראַנקען שטילקייט בליט.
ביים ברוינעם שרייבטיש ביז באַגינען
זיצט פײַנבערג איבער חצות פון ליד.

זײַן דמיון שווימט צו קלאָרע ברעגן,
פון מידע ברעמען ווײַכט דער שלאָף.
וואַקסט־אויס פאַר אים זײַן „אַלטער עגאָ",
דער דיכטער לעאָניד גרעבניאָוו[13].

— „האָסט מיט דײַן העלדן־דור געחלומט
אַ חלום וועגן ברודערשאַפט:
צו בויען ס'לאַנד פון אייביק־שלום,
ווו ס'וועט ניט זײַן קיין האַר און שקלאַף.

איצט ליגט דײַן העלדן־דור אַנטוואָפנט,
געשענדט, פאַרפײַניקט און פאַרסמט,
און דו פון שלאַכטהויז ביסט אַנטלאָפן
דײַן ליד באַהעפטן מיט דײַן שטאַם."

עס שווײַגט גרעבניאָוו. אין ענגער קאַמער
קלינגט פײַנבערגס ענטפער אין באַגין:
— „ווי יעקב לבן הארמין,
האָב איך אַ פרעמדן גאָט געדינט.

כ'האָב פערצן יאָר אַ טרוים געכאָוועט,
פאַר רוזלט ליבשאַפט אָפגעשקלאַפט,
נאָר ס'האָט גענאַרט מיך רויטער לבן
מיט בלענד פון בלינדער לאהשאַפט.

---

[13] ל. פײַנבערגס רוסישער פסעוודאָנים.

האָב איך צעשטערט די ווענט פון תּפיסה
און בין אַוועק פון לבֿנס היים,
ווײַל ס׳ברויט פון ייִדיש איז מיר זיסער
פון לבֿנס פּאַלשן לעקעכטרוים.

זאָל זײַן מײַן לעבן וועט פאַרלענדן
מײַן חבֿר נעכטיקער אין קאַמף —
איך גלייב: ס׳וועט בלײַבן אַ לעגענדע
מײַן ליד אויף ליפּן פון מײַן שטאַם".

## רוף צום ווידערשטאַנד

ווו זײַט איר, גאונישע מושלמים,
פון פידלען, מײַסטער און פון באַס,
צו שפּילן ס׳ליד אונדז פון נקמה
די גרויס־סימפאָניע פון האַס?

ווען פײַער־חורבן האָט פאַרזונקען
דורך רויך, דורך גאַז און דורך פלאַם
אין אויוונס, קאַמערן און בונקערס
אַ דריט־חלק פון אונדזער שטאַם,

פון אונטערערד אין וואַרשע־געטאָ,
מיט ביקס אין בלוטנדיקער האַנט,
האָט ס׳ליד פון ייִדישע פּאָעטן
געשאַלט דעם רוף צו ווידערשטאַנד.

אין ווילדן וואַלד, אין טיפע ליאַכן [14]
געקעמפט האָט דיכטער־פּאַרטיזאַן:

---

[14] טיפע קעלערן.

אויף ליפּן — לידער פֿון נצחון,
אין האַנט — אַ זיכערער נאַגאַן.

## דער נס פון יידיש ליד

אין יעדן דור האָט אַ רוצח
פֿאַרמאָסטן איבער דיר זײַן שווערד,
נאָר ס׳איז נישטאָ אַזאַ מין כּוח
דיך צו פֿאַרשנײַדן פֿון דער ערד.

ס׳איז גאָר ניטאָ אַזאַ סכּנה,
וואָס זאָל צעשטערן דײַן געצעלט.
עס ווייען אַלץ נאָך דײַנע פֿאָנען
אויף אַלע מאַסטן פֿון דער וועלט.

איז וואַרט, איר, פֿינצטערע באַגרעבערס!
ווי ס׳גלייבט אין גאָט אַ פֿרומער ייִד,
איך גלייב אין נס פֿון ייִדיש לעבן,
איך גלייב אין נס פֿון ייִדיש ליד.

וואַרט־צו, איר, פֿאַלשזעער־נבֿיאים,
און איר, ניט־גלייביקע אין נס:
צו פֿרי, צו פֿרי נאָך רײַסן קריעה,
זיך זעצן שבֿעה נאָכן „מת״!

הערט־אויף, איר, קלאָגערס און קברנים
צו פֿרייען זיך מיט שאָדנפֿרייד!
זעט: אויף צעפּיקעניש די שׂונאים
איז ייִדיש שטאַרבן נאָך נישט גרייט.

איז וואַרט מיט דענקמעלער פֿון בראָנדזע,
האַלט־צ׳ריק די מאַילן פֿון אַרכיוו:

אויב ייִדיש זאָל פֿאַרגיין אין בראָנזוויל,
וועט׳ס אויפֿבליִען אין תּל־אָבֿיבֿ!

אין פֿלאַם פֿון קדושים־בלוט געלײַטערט,
ווי ים און ערד, ווי באַרג און שטיין,
אין אַלע דורות, אַלע צײַטן
וועט ייִדיש קיין מאָל ניט פֿאַרגיין.

## עבֿרית

אַ, שפּראַך פֿון עמוס און ישעיה,
אַ, לשון פֿון תּנך — עבֿרית:
ווי שוואַרצן פֿלאַם אויף ווײַסן פֿײַער
האָט גאָט אַליין דיך אויסגעשמידט.

יאָרטויזנטער נאָך גלות־בבֿל,
אין ספֿרד, אַשכּנז און רוים,
האָסטו געוואַנדערט ווי אַן אָבֿל
און נישט געפֿונען זיך קיין היים.

דערנאָך געקומען מיטל־אַלטער
איז מיט מגפֿות און מיט קריג
און דיך מיט האַנט, מיט אײַזיק קאַלטער
אין זײַנע אָרעמס שיִער דערשטיקט.

ווער ווייס, אין וועלכע מדבר־זאַמדן
עס וואָלט פֿאַרזונקען דײַן געביין,
ווען ס׳וואָלט דער חריף און דער למדן
דיך ניט געשאַרפֿט אויף זײַנע ציין.

דורך טאַטנס ש״ס, דורך זיידנס קידוש,
דורך מאַמעס תּחינהדיקן ליד

דאָס גאָלדן ציגעלע פֿון ייִדיש
געטערט האָט דורות דיך, עבֿרית!

אין חומש, דאַוונען און דרשות,
דורך שבת־וואָכעדיקער וואָר,
אין זיסן מויל פֿון מאַמע־לשון
געטראָגן האָבן מיר דײַן וואָרט.

און דיך געהיט אין לאַנגן גלות
ווי פֿײַער הייליקן געהיים
און דיך געבראַכט אין מויל פֿון חלוץ,
וואָס פֿלאַנצט דיך איצט אין נײַער היים.

## דער בונד פֿון ברידערלעכן וואָרט

מיר בענקען דאָ קיין ירושלים
און דאָרטן בענקט איר קיין ניו־יאָרק —
איז לאָמיר אויסטרינקען לחיים
צום בונד פֿון ברידערלעכן וואָרט.

העברעיִש — איר, מיר — פּשוט ייִדיש,
צוויי ברידער פֿון דער זעלבער דיך[15]:
ווי טאַטנס יום־טובֿדיקער קידוש
מיט מאַמעס בענטשנדיקע ליכט.

פֿון היגן שטיינערדיקן גושן,
דורך ציין פֿאַרפּינעטע אין בלוט,
דאָס קול פֿון ייִדיש — לשון קדושים —
צו לשון־קודש רופֿט: סאַלוט!

---

[15] פּאָלקע.

אָ, ברידערזין פֿון בערג יהודה,
מיר רופֿן אײַך — פֿון ברוגז מיד —
צו פֿראַווען חבֿרישע סעודה,
דעם פֿעסט פֿון ייִדיש און עבֿרית.

דעם בלויען ירדן רופֿט דער האָדסאָן,
ווי ס'רופֿט צום פֿאָטערס האַרץ אַ זון:
זאָל אונדז ווי אַהרנס שטעקן שפּראָצן,
ישׂראלס קשרדיקער בונד.

פֿון זאַמד געקרײַזלטן אין נגבֿ
ביז האַרטסטן בראָנזווילער קאָנקריט,
ווי זיסער שפּרײַ פֿון זומער־רעגן
זאָל ריזלען אונדזער ברודערליד.

דעם גרינעם גליל שיקט זײַן ברכה
דער גרויער שטייניקער ניו־יאָרק:
עבֿרית און ייִדיש — איין משפּחה
אין בונד פֿון ברידערלעכן וואָרט.

## נישטאָ קיין גלות און קיין ארץ

נישטאָ קיין גלות און קיין ארץ,
פֿאַראַן אַ פֿאָלק, אין פֿרייד פֿאַרקניפּט,
פֿאַר וועמען מענדעלע און פּרץ,
ווי עמוס, ביאַליק זײַנען ליב.

און דאָרט, ווו זוניק, פּילקאָלירק
עס רוישט דער ווונדער תּל־אָבֿיבֿ,
דער האָניק־שיר פֿון איבן־גבֿירול
מיט מילך פֿון רייזענס לידער טריפֿט.

עס פּלאָטערן, ווי פֿליעסק פֿון פֿענער,
פֿון ווינט און זון און אויפֿשטאַנד מאַט,
דאָס הייסע וואָרט פֿון יוסף ברענער
מיט ליעסינס זינגעווודיקער טאַט.

אין קבוצות, ווו עס קלינגט הלויס
פֿאַרבענקט און כּישופֿדיק געזאַנג,
גייט־אויף גאולה־ליד פֿון לייוויק
אין בליִונג ווי אַ טרויבנשטאַנג.

עס רופֿט זיך איבער בראָנקסער טרויער
מיט פֿרייד פֿון תּל־אָבֿיבֿער ים:
די אומרו פֿון מנחמס גייער
מיט כּהנס ליד פֿון בלוט און פֿלאַם.

עס פֿינקלט באָבעס שטערן־טיכל
מיט כּלהס יחוסדיקער טראַכט:
דאָס רות־געזאַנג פֿון יעקבֿ פֿיכמאַן
מיט אַלטן קוואַל פֿון אויערבאַך.

און ס'טאַנצן ווי פֿאַרליבטע ברידער
אַ ריקוד — הודו לאַדושם:
י. גלאַטשטיינס שטראַלנדיקע ייִדן
מיט גרינבערגס ליכטיקן בעל־שם.

עס שמעלצט שוין צווישן אונדז די קריִע,
עס בליט שוין צווישן אונדז דער צוויט —
און ס'ענטפֿערט־אָפּ אויף שלאָנסקיס תּקיעה
דער שאַל פֿון לעיעלעסעס ליד.

און אויף להכעיס אַלע ראָבן
די טויב פֿון פֿרידן זינגט אַ לויב:

אין גראָס׳ געזאַנג פֿון בעש״ט און דאָבוש
אין ליד פֿון מייטוס, קלמן־לייב.

ווי ערשטער בלי פֿון פֿרילינג־זאַנגען
דער טוי פֿון יונגשאַפֿט העלט און בליט:
אין נתן אַלטערמאַנס געזאַנגען,
אין לוצקיס פּערלדיקן ליד.

עס שאַלט פֿון גלילס שפּיצן כּמאַרנע
ביז שלאַנגענעסט אויף הר־תּבֿור
ס׳כּוהנים־ליד פֿון יהודה קרני
מיט גראַדעס ליד פֿון פּליטים־דור.

און איבער אַלע פֿעלדזן יובלט,
ווי פֿאָנען ליכטיקע אין קריג:
ס׳געשטאַלט פֿון רובינשטיינס מקובל
מיט למדנס ליד מסדה־זיג.

## שבת אַחים

איך הער: פֿון נגבֿ ביזן עמק
גייט־אויף אַ ליכטיק זיגגעזאַנג:
עבֿרית — די מאַמע — מיט אַ זמר
פֿירט טאָכטער־ייִדיש ביי דער האַנט.

עס רופֿט פֿון טויזנטער בית־עלמינס
די שפּראַך פֿון טויטע זעקס מיליאָן:
— „אין שאָטנדו פֿון גרינע פּאַלמען
זאָל פֿלאַטערן די ייִדיש־פֿאָן!"

פֿון בראָנקס און בראַנזוויל ביזקל חיפֿה,
דער לעצטער שארית פֿון פֿאַרלענד,

מיר — זין פֿון בוך, איר — זין פֿון ספֿר,
דערלאַנגגען לאָמיר זיך די הענט.

מיר — כּולו וואָל, איר — כּולו תּכלת,
אין בונד פֿון ייִדיש און עבֿרית
אויף שותּפֿות־לשון ישׂראלית
הבֿה נרננה אונדזער ליד.

איז לאָמיר אויסטרינקען לחיים
צום בונד פֿון ברידערלעכן וואָרט!
דאָס האָט דער העלזעער ישעיה
געחלומט וועגן אונדזער דור:

— „ס׳וועט הערשן אין ישׂראל שלום
אין יענעם טאָג פֿון פֿרייד און לויב,
ווען ס׳גאָלדן ציגעלע פֿון גלות
וועט הויערן מיט יהודהס לייב“.

איז לאָמיר, ברידער, שלום מאַכן
און לאָמיר מער ניט ברוגז זײַן.
מה־טובֿ, מה־נעים שבֿת־אַחים:
ערשט נעכטן — שׂונאים, ברידער — הײַנט!

## צום לאַנד פֿון אייביקן גערעכט

און טאָמער ניט, און טאָמער וואַקסט שוין
אין אײַער האַרצן גאווה־סם
און איר זײַט אַלץ נאָך, אַלץ פֿאַרעקשנט
אויף ווײַטער אָנפֿירן דעם קאַמף.

איר טראַכט: „ווי לאַנג וועט ייִדיש־שבֿט
דען לאָזן הערן נאָך זײַן שטים?

ער גראָבט אין גלות זיך אַ קבֿר —
צו וואָס זיך ברידערן מיט אים?

צו וואָס דער פֿרײַנטלעכער לחיים?
צו וואָס דער ברידערלעכער בונד
עבֿרית איז יורש פֿון ישעיה
און ייִדיש איז אַ גלות־צונג״...

מיר זאָגן: „מוחל די הספּדים!
מיר זײַנען כּלל ניט גרייט אײַך סתּם
אויף פֿלאַם פֿון אײַערע עקדות
אַ קרבן ברענגען ייִדיש־לאַם.

נייִן, ניט דערויף גאולה־חלום
געטראָגן האָבן מיר מיט גלייב,
אַז ס׳גאָלדן ציגעלע פֿון גלות
פֿאַרצוקן זאָל יהודהס לייב.

מיט אויספּרובירטן וואַנדער־שטעקן
דורך גלותדיקע טעג און נעכט
מיר ציִען ווײַטער איבער שטרעקעס
צום לאַנד פֿון אייביקן גערעכט.

און טראָגן ווײַטער ס׳גאולה־פֿײַער
דורך דורות מאַרטערפֿרייד און טויט.
פֿאַר אונדז איז דאָרט ירושלים,
וווּ אונדזער ייִדיש־היכל שטייט.

## סידור ייִדיש

ס׳וועט זײַן: אין אלף, אין השבֿיעי,
מײַן קבֿר וועט שוין זײַן צעשטערט,

וועט ייִדיש־לשון אַלץ נאָך בליִען
אין גערטנער פֿון אַ נײַער ערד.

און מײַנס אַן אייניקל וועט לייענען
פֿון סידור ייִדיש אויף אַ קול:
אַ נײַעם ברכו און עלינו,
ווי זיידעס זילבערנע אַמאָל.

און זײַנס אַ זון, אַ צוימען־ברעכער,
וועט זוכן ליכטיקן באַשייד:
אין פּרצעס אויב נישט נאָך העכער,
אַ זין אין פֿאַליש אויף דער קייט.

און זײַנס אַן אייניקל וועט צערטלען
דאָס לשון־ייִדיש, פֿול מיט חן,
ווי טביהס עמכדיקע ווערטלעך
מיט פֿישקעס מישן זיך געוויין.

און זײַנס אַ זון — אַז גוט און וויל אים! —
וועט אין אַ לײַטזעליקער שעה
פֿאַרטיפֿן זיך אין לייוויקס גולם,
אין גראַדעס גורלדיקן יאָ.

און דאַוונען וועט פֿון ייִדיש־סידור
מײַן יורש וועגן יענע טעג,
ווען ס'האָבן שטראַלנדיקע ייִדן
געשפּאַנט אויף מולכוס מאַרטערוועג.

די זיידעס האָבן ס'חומש־לשון
געטראָגן הייליק דור נאָך דור,
די יורשים וועלן ווי של־ראשן
אויף שטערנס טראָגן ייִדיש וואָרט.

1949—1948

## דאָס ליד פון פאַרמשפּטן דור

געבוירן אין רויש פון געוויטער,
אין בראָכיקן שפּראָץ פון קאַיאַר,
שטייט אַ דור פון פאַרעקשנטע היטערס
אויף דער גרענעץ פון חלום און וואָר.

אויפן שיידוועג פון גרויזאַמע צייטן
ביזן האַלדז שטייען היטערס אין זומפּ
און צינדן צעפלאַקערטע שייטערס
צו באַלייכטן דעם חושך אַרום.

זיי שפּיזלען דעם פינצטערן נעפּל
מיט פאַקלען ווי זונען רויט,
זיי — די ליכטיקע שטורמערס פון לעבן —
וואָס ווילן באַזיגן דעם טויט.

ס׳זיינען פריידן באַשערט זיי ווייניק,
איין גורל איז זיי בלויז באַשערט:
פון אַפּפאַל און קויט צו ריייניקן
די גרויע, פאַרוואָרלאָזטע ערד.

זיי קלינגען דורך נאַכט און דורך שטורעם
אין זשאַוועך־פאַרשטומטן גלאָק
און זאָגן דער וועלט אָן די בשורה:
עס שפּראָצט שוין, עס העלט שוין אויף טאָג!

זיי פלאַסטערן זומפּיקע וועגן
מיט ביינער, מיט מאַרך און מיט בלוט,

און זינגען דעם מאָרגן אַנטקעגן
אַ זיגרײַכן, העלן סאַלוט!

זיי ברענען די זומפּן מיט שײַטערס
און שאַרן דעם זשאַר מיט די הענט,
און ווערן אין שײַטער געלײַטערט,
און ווערן אין לײַטער פֿאַרברענט.

זיי ווייסן נישט — ליכטיקע זייערס —
אַז זיי וועלן נאָך שנײַדן פֿאַרראַט,
אַז אין אייגענע חבֿרשע רייען
זיי כאָוועז דעם אייגענעם קאַט[1].

אַז צום קרייץ פֿון גאולה געגאָגלט,
געשמידט צו דער פֿרײַהייטקייט,
אין געראַנגל פֿון גוג מיט מגוג
איז פֿאַרמשפּט דער דור צום טויט.

אַז זיי וועלן די וועלט באַפֿרײַען,
נאָר גרויזאַם וועט זײַן זייער שׂכר:
צו שטאַרבן אין חלום פֿון כּנען,
ווי משה — אויפֿן שפּיץ באַרג.

אַז אויפֿשטיין אַ טאָג וועט אין חשכות
איבער תּפֿוצות פֿון גאָר דער ערד,
ווען משיח וועט ווערן משׂחית
און קעפּן די גאולה מיט שווערד.

און פֿאַרראַטן וועט זיי נישט דער שׂונא,
נאָר דער גואל, דער אַפּאָסטאַט,

---

[1] תּליון.

און פֿירן וועט זיי צו דער בוינע [2]
דער אייגענער חבֿר, דער קאַט.

און אין טאָג פֿון מהומה און גרוילן,
אין דעם פֿינצטערן יום־הדין,
וועט דער גואל זיי אַלעמען קוילן,
דער גאולהס געטרײַסטע זין.

נאָר לעבן וועט לאַנג, ווי אַ וווּנדער,
די לעגענדע פֿון גאולה־דור,
וואָס אין זומפּ האָט ער שטײַטערס געצונדן
ווי אַן אָנזאָג פֿון ליכטיקער וואָר.

און דורך אַלע דורך קינפֿטיקע דורות,
ווען דער תּליון וועט פֿאַלן אין קריג,
וועלן מאַמעס דורך נאַכטיקע מוראס
פֿאַרוויגן די קינדער אין וויג —

און זיי זינגען מיט הערלעכן ציטער
אַ געזאַנג פֿון פֿאַרגאַנגענער וואָר:
דאָס ליד פֿון די ליכטיקע היטערס,
דאָס ליד פֿון פֿאַרמשפּטן דור.

## קליין־פּאַריז

### פֿרילינג אין אָדעס

פֿון בלאָטיקן אוקראַינער שטעטל
אין שטאָט פֿון וויסן און פּראָגרעס

---

[2] שלאַכטהויז (פֿאַר בהמות).

האָט דוד בלאַנקן צו אַ פֿעטער
געבראַכט די מאַמע קיין אַדעס.
אַ, שטאָט, וואָס שמעקט מיט ים און אינגבער,
האָסט ווי אַ מאַמע, ליב און הייס,
אַ בלאַסן, שרעקעוודיקן יינגל,
אים צוגעטוליעט צו דײַן שויס.

ר׳ געדענקט דעם ערשטן טאָג אַדעסער:
די שטאָט — אַ פּרדס, ווײַס און גרין,
די זון — אַ שטראַלנדיקער כּתר,
די גאָס — אַ בלויער לאַבירינט.
דאָס האַרץ איז פֿול מיט פֿרייד צעשאָלטער,
מיט שטוין און אויפֿברויז און עקסטאַז:
די מאַמע פֿירט אים אַ צעשטראַלטן
אַראָפּ מיט רישעליעווסקי גאַס.
זײַן אויג אין פּחד טוט אַ פֿלאַטער,
ווען אין געשפּיל פֿון זון און גלאָז
וואַקסט־אויס פֿאַר זיי דער שטאָט־טעאַטער,
אַ הויכער כּישופֿדיקער שלאָס.

אין פֿעטערס הויז איז פֿרייד און יום־טובֿ.
ער שטייט בײַם פֿענצטער אין געפֿלעף:
אין מוזה גאַס מיט גאָס זיך פּלאָנטערט
און זוכט אין עפּעס אַ באַהעפֿט.
די שקיעה פֿאַרבט פֿאַרבליפֿטע שויבן
מיט לעצטן צונטערדיקן שטראַל,
און ס׳וואָרקען בלויע טערקלטויבן
אין גאָרטן פֿון „פּאַליי ראָיאַל״.
ס׳האָט נישט געקאָנט דאָס האַרץ זײַנס שלאָפֿן
אין יענער כּישופֿדיקער נאַכט.
ר׳האָט לאַנג געדרייט זיך אויף דער סאָפֿע,

מיט אויגן אויפֿגעפּראַלט און וואַך:
געזען די שטאָט: אַ בבֿל־טורעם,
וואָס רײַסט זיך חוצפּהדיק צו גאָט.
די מענטשן, פֿריילעכע שיכּורים,
אויף גאַסן טאַנצן אין אַ ראָד.
אין אויפֿגעשטורעמטן צעפֿלאַקער
פֿון בלויען בעז און קאַרשנצוויט
די זון, אַן אויסטערלישער דראַקאָן [3]
מיט פֿינגער שטראַלנדיקע בריט.
די וועלט — אַ װוּנדערלעכער יום־טובֿ,
די שטאָט — אַ העלער קאַרנאַוואַל.
און דוד? אין קאָלירטן פּלאָנטער
אַ קליינע ציטערדיקע שוואַלב.

די נאַכט קומט־אָן. אין שפּעטע שענקען
די קולות מישן זיך מיט רויך.
און ער? ער רײַט אויף פּושקינס דענקמאָל
מיט קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן אין דער הויך.
אַריבער גאַסן און בולוואַרן
גליט גרינער, אויסטערלישער פֿלאַם.
און ער? אַ פֿלאַטערדיקער פֿאַרוס [4]
אויף כוואַליעס שוימיקע פֿון ים.
ער כאַפּט זיך אויף — און קאָן נישט גלייבן:
ער איז אַרויס פֿון לאַבירינט.
עס בלײַען אויף פֿאַרבלויטע שויבן
די ערשטע שטראַלן פֿון באַגינען.
ס'האָט דוד דאַן אין פּעטערס דירה

---

[3] מיטאָלאָגישע חיה, וואָס שפּײַט פֿײַער פֿון מויל. — [4] זעגל.

צום ערשטן מאָל דערשפּירט, ווי ס׳בריט
אויף ליפּן — טערפּקער טעם פֿון שירה,
אין האַרצן — זיסע פּײַן פֿון ליד.

## „קליין־פּאַריז"

אָדעס, דו, רוסישע פּאַלמירע [5],
אַ, שטאָט פֿון צוגווינטן און שטיין,
ס׳האָט פּושקין נאָך געזונגען שירה
דײַן גאָלדיק צויבערלעכן חן.
האַלב־מעקלערין און האַלב־קאָקאָטקע,
האַלב־סעדעכע [6] און האַלב־מאַדאַם,
אַ, שטאָט פֿון ליבע און „טשעטשאָטקע" [7],
אַ, קליין־פּאַריז בײַם שוואַרצן ים!
אויף דײַנע טומלדיקע גאַסן —
אַ פּילקאָליריקער יאַריד,
אַ בבֿלדיקער מיש פֿון ראַסן:
אוקראַינער, טערקן, גריך און ייִד.
אַ, שטאָט מיט לאַנגע דורכגאַנג־הײַזער,
אַ, כּרך פֿון בלענדיקן מיראַזש,
דײַן גורל היט דער קרומער ווײַזער
אויף ברוינעם טורעם פֿון „פּאַסאַזש".
פֿון אומעטום, פֿון ווײַטסטע מײַלן,
מיט שיף, מיט פֿורן און מיט באַן,
פֿלעגט האַלבע וועלט זיך קומען היילן
אויף דײַן „כאַדזשבייעווער לימאַן" [8].
אַ, שטאָט פֿון ליכטיקע בולוואַרן,

---

[5] „שטאָט פון די פּאַלמען", הײַנט תדמור. געווען אַמאָל אַ וויכטיקע שטאָט אין סיריע. די רוימער האָבן זי אײַנגענומען אין 272 נ"ק, און זי חרוב געמאַכט. — [6] מאַרק־זיצערקע, באַרעדט, שעלט. — [7] טאַנץ מיט דריבנע קלעפּעלעך. — [8] טײַך.

וואָס לויפֿן פֿון וואָקזאַל צום ים,
אין ריטעם פֿון דײַנע טראָטואַרן
קלינגט פּושקינס זינגעוודיקער יאַמב.
אָ, שטאָט פֿון בלוישײַן און לעגענדע,
ווער ס׳איז געבוירן אויף דײַן ברעג,
פֿון אַלע ווײַטע צויבער־לענדער
וועט זוכן צ׳ריק צו דיר אַ וועג!

## אָ, דרומדיקע יפֿת־תּואַר

אָ, דרומדיקע יפֿת־תּואַר,
אָ, ווונדער צווישן שטעט — אָדעס,
עס שמעקט דײַן יעדע גאַס און מויער
מיט יוגנט, פֿרילינג און מיט בעז.
עס רוישט סײַ זומער און סײַ ווינטער
דײַן ים אין שוימיקן אַזאַרט
און ס׳קוקט־אַרונטער פּושקינס טינטער
פֿון ניקאָלאַיעווער בולוואַר.
אַרום דיר רוישן פֿעלדער ווייצן
און ס׳גאָלדיקט זיך פּאַפּשוי אויף שטאַם.
און דו? צום סטעפּ דו קערסט דײַן פּלייצע,
דאָס פּנים אָפֿענע צום ים.
אויף גאַסן בליט פּלאַטאַן און טאָפּאָל,
נאָר ס׳פֿײַפֿן ווינטן אין זאַווי:
מיט פֿיס דו שפּאַרסט זיך אָן אין טראָפּיק,
מיט קאָפּ אין צפֿונדיקן שניי.
אָדעס, דײַן אורשפּרונג פֿון הדסה,
אַ טאָכטער פֿון אַ פּראָסטן הירט,
דײַן חתן דיוק אין כּתונת־פּסים [9]
האָט דיך, זײַן כּלה, אויסגעצירט.

[9] (בראשית לז, ג׳) געשטרײַפּט העמדל (ווי פאַרן געליבטן יוסף).

# מאָסקווע

## שטאָט פֿון קדושה און טומאה

מאַמע־מאָסקווע, דו שטאָט־מיוחסת,
מיט אויגן האַלב־טאָטער, האַלב־סלאַוו,
ווי אַן אַלטע, פֿאַרלאָזטע מעטרעסע,
ביסט פֿאַרהילט אין אַלמנהשאַפֿט.
שטאָט פֿון יוסטע און בערדיקע סוחרים,
שטאָט פֿון רוסלאַנדס פֿאַרווייטן אַמאָל,
האָסט מיט שימל געשמעקט דאַן און וואָכרע,
מיט לאַדאַן און וואַקס און ראַזסאָל [10].
זײַ געגריסט, שטאָט פֿון קדושה און טומאה,
מאַמע־מאָסקווע, ווײַסשטייניקע שטאָט.
צו דײַן האַפֿן איז צוגעשווומען
דוד בלאַנק אין זײַן בענקשאַפֿט נאָך גאָט
און געבראַכט פֿון אָדעסער בולוואַרן
זײַן געזאַנג דיר אַ פֿולן קויש,
שטאָט פֿון צערקוועס און פּאָפּעס און צאַרן,
סימפֿאָניע פֿון גרין און פֿון לויש [11].
נאָר טיף איז געווען אים דער וויטיק
פֿון דער גרויזאַמער צאַרישער וואָר,
וואָס אויף גאַסן דײַנע פֿאַרשנייטע
האָט שפּאַנען אַ ייִד נישט געטאָרט
(כאָטש ער איז אַן אויסנעם: זײַן זיידע
איז אַ „פּערוואָ־גילדיסקי קופּיעץ״ [12],
האָט „נאַטשאַלסטוואָ״ געמאַכט דאָ אַ דריידל,
ס׳קאָנען גבירים פֿאַרבײַגיין ס׳געזעץ!)

---

[10] קרײַטעכצער, שמירעכצן און געוויקס. — [11] שטילקייט (?). — [12] סוחר פֿון דער ערשטער גילדע (מדרגה).

ס׳האָבן בעטלערס אויף קלויסטערשע שוועלן
זיך געקרעשטשעט [13] מיט ראַבע הענט
און געווייט האָט מיט פינצטערן עלנט
פון דעם גאָלדענעם ווײַנריב אויף ווענט.
געוועקט האָט דער האַרבסטיקער אומעט
אין האַרצן די טויב פון געזאַנג —
און עס האָט אים די קדושה און טומאה
פאַרוויגט מיט איר גלאָקן־געקלאַנג.
אין מאַלינאָווען [14] חלום געפאַנגען,
האָט דוד געשפּאַנט ביז באַגין
אונטער כּישוף פון קלויסטער־געקלאַנגען:
גלין־גלאַן... טילי־באָם... גלין־גלאַן־גלין...

## דאַוויד יערשאָוו

פליסן וואָכן. ווי פרילינג־שטראָמען,
פּאַשען טעג זיך, געקרײַזלטע שאָף,
און עס בײַט דוד בלאַנק זײַן נאָמען
אויף דאַוויד אַלעקסאַנדריטש יערשאָוו.
ס׳פילט מאָסקווע אים אָן מיט וווּנדער,
מיט שרעק און מיט שאַפונגפרייד,
נאָר שטום איז זײַן האַרץ נאָך געבונדן
צום שטאָם מיט אַ גאָלדענער קייט.
און עס שיילט זיך פון טונקעלן נעפּל
זײַן צעשפּאָלטענער אינדיוויד:
ווי אַ הייד איז פאַרליבט ער אין לעבן
און פאַרדבֿקעט אין גאָט ווי אַ ייִד.
ער דרוקט זײַנע לידער אין „ניוואַ״ [15],

---

[13] געצלמט. — [14] (מעטאַפאָריש) געשמאַקן. — [15] רוס׳ זשורנאַל.

טראָגט רובאַשקעס[16] פֿון ווײַסן באַטיסט
און ער קריגט שוין פֿאַרליבטע בריוולעך
מיט פֿאַרטריקנטע בלעטלעך איריס.
שפּריצן פֿונקען פֿון מיידליש געלעכטער
אין אינטימען באַריר פֿון אַלקאָוו
און עס טרוימען שוין סוחרישע טעכטער
וועגן רוסישן דיכטער יערשאָוו.

ס'איז בריוסאָוו אין דיכטונג זײַן רבי,
זײַן מדריך, זײַן „מעטר" און זײַן גיד[17]:
„ס'איז אַלץ בלויז אַ מיטל אין לעבן
פֿאַרן ליכטיקן ווילקלאַנג פֿון ליד!"...
נאָר עס ברײַען אין יוגנט־פֿיבער
פּושקינס לידער ווי הייסער ספּירט:
„וואָס וויניקער די פֿרוי מיר ליבן,
אַלץ גרינגער מיר געפֿעלן איר".
און פֿאַרנומען האָט דוד אין פֿלאַמען
פֿון אַ גוססן מאָסקווער טאָג
דאָס ליד פֿון דער „פּרעכטיקער דאַמע",
דאָס שניייִקע ליד פֿון בלאָק:
„צום ציטער פֿון פֿראָסטיקע שאַרפֿן
דײַן נשמה געוווינט זאָל זײַן,
אַז דאָ זאָל זי גאָר נישט באַדאַרפֿן,
ווען פֿון דאָרט וועט אַ פֿלייץ טאָן די שײַן".
געווען איז דאָן יונג און גלייביק
דאָס האַרץ פֿון דעם בערשאַדער ייִד —
האָט זיך דוד פֿאַרליבט אויף אייביק
אין דעם ווילקלאַנג פֿון רוסישן ליד.

---

16 אייבער־העמדלעך. — 17 וועגווײַזער.

## געניאַ שאָר

### מוליע ראַכלים

אויפֿן שיפּוי פֿון באַרגיקן דעמער,
צווישן פֿעלדער פֿון ווייץ און פּאַפּשוי,
ליגן שטעטלעך ווי סטאַדעס לעמער,
געדעקטע מיט שינדלען און שטרוי.
און אין איינעם אַ שטעטל פּלוינע
דערזען האָט די וועלט געניאַ שאָר:
מיט אויגן, מיט גאָלדיק ברוינע,
מיט רויטע, צעשפּלאָשעטע האָר.
פֿון דער נאָנטסטער ביז ווײַטסטער ישיבֿה,
פֿון באַלטע און ביזקל מיר,
האָט געקלונגען די גאַנצע סבֿיבֿה
מיט איר טאַטן, דעם גרויסן גבֿיר.

געהאַנדלט האָט ער מיט קאַכליעס,
מיט רויכוואַרג און חזיר־האָר,
מ׳האָט גערופֿן אים מוליע ראַכליס,
נאָר געהייסן האָט ער מלך שאָר.
און שטאָלץ איז געווען מוליע ראַכליס
מיט זײַן ווײַב און זײַן איינציק קינד,
מיט זײַן הויז ווי אַ פֿולער שפּײַכלער,
מיט זײַן הויף ווי אַ פֿעטע רינד.
נאָר דאָס לעבן מאָנט אַ קרבן,
ווי דער וואָכער מאָנט זײַן פּראָצענט —
איז דאָס ווײַב בײַ אים יונג געשטאָרבן
און געלאָזט מיט אַ קינד אויף די הענט.

איז ר׳ מלך אַריבער קיין בערשאַד,
זיך גענומען אַ צווייטע פֿרוי
און זײַן האַנט האָט גענומען הערשן
איבער פּריץ און ייִד און גוי.
געוואָקסן איז עיסקאַ אויף עיסקאַ,
ווי זשאַבעס אין זומפּיקן טאָרף
און געשאָבן האָט ווי די ליסקעס [18]
פּראָצענטן פֿון שטעטל און דאָרף.
גלײַען רענדלעך, ווי סוף־חודש שטערן,
און ר׳ מלכס שערשאַווע [19] הענט,
נאָר אויף אַלע, אויף זײַנע קרנס
איז געניאַ דער שענסטער פּראָצענט.

## אַ תּכלית

וואָס זשע טוט מען אין כּרך, אין בערשאַד
מיט אַ מיידל — אַזאַ פּאַרשוין?
זי פֿאַרקנסן צום חתן צום ערשטן
און געבן אין קלויז אַ קרוין?
ס׳איז קיין דאַגה שוין נישט מיט חתנים
פֿאַר אַ מויד מיט אַזאַ מין שטעל —
שלאָגן אַלע געקרויינטע שדכנים
טאָג־און־נאַכט אָפּ ר׳ מלכס שוועל.
איז וואָס איז דאָס גרויסע וווּנדער,
וואָס געניאַ קריגט אָפּט דעם „ספּלין״ [20],
אַז איוואַן, דעם אַקציזניקס זונדל,
וואַכט איבער איר, ווי אַ שפּין.
און טענהט: — ביסט נאָך נישט קיין באָבע

---

[18] שופּן (פֿון פֿיש). — [19] קראַציקע. — [20] נערוועזע צערודערונג.

און הייראַטן איז קיין מאָל ניט שפּעט,
אַז אַ מיידל, אַזאַ אָסאָבע [21],
דאַרף לערנען אין אוניווערסיטעט!

ס׳וואָלט ר׳ מלך געוועזן שוין צופֿרידן
מיט עליען, דעם זון פֿון פּאָטשטאַר,
האָט אָבער דעם גבֿירס בת־יחידה
קעגן טאַטן זיך אײַנגעשפּאַרט:
— נישקשה, פּאַפּאַ, רעסורסן
פֿאַראַנען גענוג בײַ אײַך:
איך וויל לערנען אויף „זשענסקי קורסן“ [22]
און ווערן מיט לײַטן גלײַך.
וואָס וועט טאַקע זײַן דער תּכלית
פֿון אַ מיידל, אַזאַ אַנטיק?
האָט דער שטאָלצער מוליע ראַכלים
קיין אָדעס זי לערנען געשיקט.

*

זײַ געגריסט, שטאָט פֿון קרייציקע בריקן,
פֿאַרשײַטע קאָקאָטקע, אָדעס,
ווו עס שמעקן די גאַסן און ליקן
מיט אַקאַציע, מיט ים און מיט בעז.
און אײדער עס איז נאָך פֿאַרקלונגען
דער הילך פֿון איר שטעטלשן טראָט,
האָט זיך געניאַ געוואָרפֿן, פֿאַרהונגערט,
אויף דער סעודה פֿון דער גרויסער שטאָט.
ברויזט די יוגנט ווי ווײַן פֿון שטאָפּער,
רוישן טעג ווי אַ קאַרנאַוואַל:

[21] שיינע פיגור. — [22] פרויען־קורסן.

איז ווינטער — טעאַטער און אָפּערע,
און זומער — אין בערשאַדער וואַלד.
„אַ פּאָר מאָל איז אַהער פֿאַרפֿלויגן
פֿון בערלין אַזש אויף אונדזער מיסט:
פּיניעס זון, דאָקטער אַרטשע קויגען,
דער פֿילאָסאָף און ציוניסט.
און איצט איז שוין ווידער זומער,
מיר וואַרטן אַ חודש און מער,
נאָר הײַיאָר איז ער נישט געקומען
צו אונדז אויף קאַניקול אַהער".
שטייט בערל און קנייטשט דאָס היטל:
„ס'וועט באַלד זײַן שוין אויס מיט סראָק [23],
איז זוכט איצט אַ נײַעם „אוטשיטיעל" [24]
פֿאַרן זומער אונדזער „קרוזשאָק" [25].
ס'איז אַ שאָד אונדז די צײַט צו פּטרן,
דער אָסיען קלאַפּט באַלד שוין אין טיר.
איז געבליבן בײַ אונדזערע יאָטן
זיך ווענדן אַצינד צו דיר.
איך האָף, אַז דו בלײַבסט דעם זומער,
דעם גאַנצן אין היגן העק..."

האָט אים דוד אַרומגענומען
און אין שטעטל מיט אים אַוועק.
זינט דאַן — יעדן שבת אָונט
האָט באַלד נאָך איר „גאָט פֿון אַבֿרהם"
בערלס מאַמע, די אַלטע סלאָווע,
געצוונדן דעם גרויסן לאָמפּ.
און עס פֿלעגן זיך שטיל פֿאַרזאַמלען:
חיים־שעפּסל — אַ יאַטל, אַ זניק [26],

[23] טערמין, די צײַט. — [24] לערער. — [25] קרײַז. — [26] אַ כוואַט.

מאָטל שור און דער הויכער זיאַמע,
יאָסל טרעלבאַך און זאַנוויל ביק.
ס'האָט חבֿרה געשוויצט און געציקלט זיך,
ווי משוררים — הויך אויף אַ קול:
— „סקאַמיעיקאַ, סונדוק — סושטשעסטוויטיעלני [27],
ראַבאָטאַט, פּאַכאַט — גלאַגאָל!" [28]

## „דאָקטוירים"

יעדן טאָג ברענגט די באַן פֿון מרחקים
אַ נײַעם, אַ פֿרישן סטודענט —
בלי׳ען פֿלאַמיקער מיידלישע באַקן,
גלי׳ען הייסער יי׳נגלישע הענט.
קומען יונגען מיט גלאַנציקע שטיוול,
קומען מיידלעך מיט שטאָטישן שטעל,
און עס ציילט שוין דאָס שטעטל: וויפֿל
עס וועט שענקען „דאָקטוירים" דער וועלט.
און שבת פֿאַר נאַכט, ווען עס ברענען
יונגע טריט אויף די סטעזשקעס פֿון האָלץ,
זיצן מאַמעס איבער „צאינה־וראינהס"
און קוקן זיי נאָך מיט שטאָלץ.
שטייען טאַטעס אויף קרומע פּידאַשיקעס [29]
שעפּן עמערס מיט נחת און פֿרייד:
פֿון די זין מיט די גלאַנציקע דאַשיקעס,
פֿון די טעכטער אין פֿאָרמענעם קלייד.
און בײַ נאַכט, ווען לבֿנהדיקער דרימל
וויגט די לאָדקעס ביז פֿרי׳קן שפּעט,

---

[27] (רוסיש) שולבאַנק, אַ קאַסטן — סובסטאַנטיוו. — [28] אַרבעטן, אַקערן — ווערב. — [29] גאַניקלעך.

קלינגען הייסע, פֿאַרבענקטע שטימען
אויפֿן טײַך צווישן אָטשערעט [30].
און אין זילבערנעם הימל־בעכער,
ווי געלײַטערטער סטעלניק קלאָר,
פֿליסט זאַפֿטיקער, הייסער און העכער
די סאָפּראַנאָ פֿון גענעיאַ שאָר.

## אין בערשאַדער וואַלד

געווען איז דאָן יולי דער ערשטער
אין זומער פֿון זעכצנטן יאָר,
ווען בלאַנק האָט אין וואַלד נעבן בערשאַד
זיך באַגעגנט מיט גענעיאַ שאָר.
פֿאַרטיפֿט אין דעם וואַלדישן שווײַגן,
האָט בלאַנק אויף אַ שטעג זיך פֿאַרדרייט,
ווען ער האָט אין געפֿלעכט פֿון צווײַגן
דערזען איר געבלימלט קלייד.
אויף די אַקסלען — אַ פּויערישע כוסטקע,
אין די האָר — אַ פּאָר קרענצלעך פֿון דרען [31]
און עס האָט זיך אַ צווײַגיק כליסטיקל
געטריפֿעט אין אירע הענט.

געווען איז דאָס וואַלדיקע שטעגל
מיט קוסטעס באַזוימט און שמאָל.
געקומען איז זי אים אַנטקעגן
און זיך פּלוצעם צעלאַכט אויפֿן קול:
— דאָס זײַט איר דער פּאָעט פֿון מאָסקווע,
דער שטעטלישער דאָן־זשואַן?

[30] הויכע וואַסערגראָז. — [31] פּעלדבלימלעך.

# ביים ליכט פון שטאָם

## בײַ ביאַליקן

די וואָכן לויפֿן איבער בריקן,
ווי שנעלע צוגן אין פֿאַרמעסט.
קומט בלאַנק אויף ווײַנאַכטן־קאַניקול
אַהיים, אין ליכטיקער אַדעס.
אָ, שטאָט פֿון ביאַליקן און פֿרוגן!
אויף דײַן צעזונגענעם אַספֿאַלט
האָט אויפֿגעבליט זײַן זיסע יוגנט
מיט ליד, ווי האָניק און ווי גאַל.

ס'האָט דוד דעם משורר־לאומי
געשיקט אין האַרבסט נאָך ס'ערשטע בוך,
האָט ביאַליק אים פֿאַרבעטן קומען
צו זיך אַהיים מיט אַ באַזוך.
עס שמעקט מיט ים־לופֿט און מיט טויבן
דאָס הויז אויף וואַגנער־געסל פֿיר.
בלאַנק לויפֿט־פֿאַרבײַ געפֿאַרבטע שויבן —
אָט איז די סודותדיקע טיר.
דאָ וווינט דער דיכטער פֿון המתמיד,
דער צערנער פֿון דער שחיטה־שטאָט.
אויף טרעפּ זיך ציִען שטראַלן־פּאַסמעס
פֿון שקיעה, ווי צעגליטער דראָט.
ער קלינגט. דאָס האַרץ — אַ נעסט פֿון פּחד.
עס וויגן זיך פֿאַר אים די ווענט.
אַ פֿרוי זאָגט צערטלעך: — חיים־נחמן!
עס פֿרעגט אויף דיר זיך אַ סטודענט.

אַ זײַטטיר עפֿנט זיך — און ליכטיק
ווערט מיט אַ מאָל אין קאָרידאָר.
ס׳באַווײַזט זיך אויף דער שוועל דער דיכטער —
בלאַנקס העלער חלום אויף דער וואָר.
פֿון דיקן האַלדז אַ ווײַסער שאַליק
פֿאַלט אויף געהאָפֿטענעם זשילעט.
שטרעקט־אויס אַ ווייכע האַנט אים ביאַליק
און פֿירט צו זיך אין קאַבינעט.
בלאַנק פֿילט: זײַן גורל איז פֿאַרחתמעט.
ער זײַ׳ט די רייד, ווי דורך אַ נעץ:
— דאָס ליד „פּאָדוויזשניק״, דעם „המתמיד״,
האָב איך אויף רוסיש איבערגעזעצט!
נעמט ביאַליק אָן מיט דיקע פֿינגער
דעם העפֿט און לייענט אים זײַט נאָך זײַט.
אין אויגן גליט, ווי בײַ אַ יינגל,
אַ שמייכל — פֿריידיק און פֿאַרשײַט:
— איך האָב דאָ אײַער בוך מיט לידער:
עס ווייעט פֿון זיי מיט יוגנטהאָס.
נאָר זאָגט, ווי קומט צו אײַך, אַ ייִדן,
פֿאַרבענקטע לידער וועגן „ספּאַס״[32]?

— כ׳געדענק פֿון „יבֿנה״ אײַער טאַטן —
אַ קרובֿ, דוכט זיך, פֿון בעל־שם,
געדרוקט אַ צײַטונג, געלט געפּטרט —
און איז אַנטרונען אין דער פֿרעמד.
יאָ, אײַער פּערז, אי לײַכט, אי דרייסט איז
און שפּעדיק איז אײַער שפּראַך,
נאָר דער „המתמיד״ איז פֿאַרקלויסטערט,

---

[32] יעזוס.

ווי ער געווען וואָלט אַ מאָנאַך.
אַנטשולדיקט, כ׳זאָג אײַך נישט קיין מוסר,
ס׳געפֿעלט מיר דווקא אײַער ליד,
נאָר פֿול איז האַרץ מײַנס מיט פֿאַרדרוסן,
וואָס ס׳בלאָנדזשעט אין דער פֿרעמד אַ ייִד.

## שׂיחת־חולין של ביאַליק

אַ נאַכט אין "וואַגנער־פֿערעוולאָק" [33],
בײַ ביאַליקן אין קאַבינעט.
בלאַנק הערט זיך צו צום שׂיחת־חולין
און שפּירט דעם אויפֿברויז פֿון פּאָעט.
אויף פּנים, קײַלעכדיק און צונטער,
די אויגן — פֿלאַקערדיקער בליץ.
ס׳איז ביאַליק אויפֿגעלייגט און מונטער,
ער רעדט מיט שאַרפֿזין און מיט היץ:
— זיי האָבן מיר געקרוינט פֿאַר נבֿיא
און מאָנען ווערטער — פֿײַערפֿלאַם,
און איך בין בלויז דער ווייכער טאָוול
אין האַרטע פֿינגער פֿון מײַן שטאַם.

בלאַנק הערט זיך צו צום דיכטערס ווערטער,
וואָס פֿליִצן שטורעמדיק און הייס.
זײַן האַרץ — אַ פֿלאַקערדיקע סטערטע [34] —
ער פֿרעגט האַלב שעמעוודיק, האַלב דרייסט:
— אַנטשולדיק, ביאַליק, ס׳איז מיר קשה:
ווי קאָן אַ הײַנטיקער פּאָעט
גאָר שרײַבן לידער אויף אַ לשון,
וואָס ס׳פֿאָלק האָט לאַנג שוין נישט גערעדט?

---

[33] שמאַל געסל. — [34] הויפֿן, סטויג.

ער קוקט אויף דודן משונה,
זײַן קול איז שטיפֿעריש און שלוי:
— איר זײַט דאָך פֿון די בני־כּהונה,
נאָר ס׳רעדט־אַרויס פֿון אײַך דער גוי.
פֿאַרוואָר, געשלאָגן אײַער ראיה
מיט בלינדזיקייט האָט שׂטנס פֿלאָם:
העברעיִש איז די שפּראַך פֿון תּחיה,
וואָס אויפֿוועקן וועט אונדזער שטאָם.

— מען פֿרעגט מיך אויך: „וואָס שרײַבסטו ייִדיש?
ווי קומסטו צו דער גלות־שפּראַך,
פּאָעט, וואָס האָסט געשענקט אונדז לידער
אויף יחוס־לשון פֿון תּנך?"
איך ענטפֿער: — שפּראַך איז נישט בלויז ווערטער,
ס׳איז מאַמעס מילעך [35] אויף דער ליפּ,
ס׳איז ליכטיק פּנים פֿון באַשערטער,
וואָס זי, די איינציקע, האָסט ליב.

— העברעיִש, ייִדיש — די צוויי לוחות
פֿון גאָט־ישׂראל נצח־בונד:
באַגלײַך איז יעדער אַ מיוחס,
אין קייט אין גאָלדענער — אַ רינג.
העברעיִש איז דער שטרענגער טאַטע,
וואָס שטראָפֿט לויט משהס צען געבאָט,
דער ערשטער יחוסדיקער קוואַטער
אין בענד צווישן ייִד און גאָט.
און ייִדיש איז די צאַרטע מאַמע,
וואָס שיצט פֿון טאַטנס שטראָף דאָס קינד,
און היילט די ווונדן מיט באַלזאַמען

---

[35] (לאָקאַליזם) מילך.

פֿון גנאָד און רחמים קעגן דין.
העברעיִש — שטרענגקייט פֿון בית־שמאַי,
אַ מחמיר לויטן אות פֿון דין:
דאָס לעבן — אײַנגעפּאַסט אין צאַמען,
אין אַלץ דאַרף סדר זײַן און זין.
און ייִדיש? ייִדיש איז בית־הלל,
אַ מקיל און אַ מזג־טובֿ:
דאָס לעבן — אַ קאַפּיטל תּהילים,
דער מענטש — אַ שותּף צום אין־סוף.

— העברעיִש — אײַזערנע הלכה
פֿון יושר, צדק, דין און דת,
אין דורות־לאַנגגן לאַנד פֿון נכר [36] —
אַ בריק פֿון פּוסקים און פֿון ש״ס.
און ייִדיש — גאָלדענע אַגדה,
אַ מעשׂהלע פֿון פֿרייד און פּײַן,
אין מויל פֿון פֿאָלק — ווי זיסער פֿלאָדן,
געטונקט אין קעלישעק מיט ווײַן.
העברעיִש — זילבערנע עטרה,
אין זיידנס טלית אײַנגעוועבט,
אַ בגד זײַדענער פֿון שׂררה,
און גבֿירהטעס סאַמעטענער שלעפּ.
און ייִדיש — באָבעס קרבן־מנחה,
פֿון טרערן־פֿלעקן אַלט און געל,
און זיסע פֿאָלקסלידער אויף שׂמחות
אין מויל פֿון דינסטמויד און געזעל.

העברעיִש איז געזאַנג פֿון הלל,
אַ שאַרפֿער מאַמר פֿון חז״ל,

---

[36] אין אַ פֿרעמדער סביבה.

און ייִדיש איז אַ זיסע כּלה
מיט בייטשל קרעלן אויפֿן האַלדז.
העברעיִש — אייביק לשון־קודש,
און ייִדיש — הייליק לשון־חול,
אין מויל פֿון פֿאָלק זיי לעבן ביידע,
ווי טאַטע־מאַמעס אייגן קול.
העברעיִש — לשון פֿון ישעיה,
און ייִדיש — אונדזער פֿרייד און וויי:
ווי שוועסטער זיינען זיי מיר טייער,
נישטאָ קיין סתּירה צווישן זיי.
דורך לאַנגן גלות־וועג האָט ייִדיש
ישעיהס לשון אויפֿגעהיט:
אין טאַטנס ש״ס, אין זיידנס קידוש
אין באָבעס תּחינהדיקן ליד.
אָן ייִדיש זיינען מיר ווי שטומע,
אביונים וויסטע אָן אַ דאַך.
זאָל קלעפּן דעם די צונג צום גומען,
ווער ס׳וועט דיך לעסטערן, מיין שפּראַך!

ער שווייגט אַ ווייל: — און שרייבן לידער
אַ דיכטער דאַרף מיט פֿרייד און וויי:
אויף לשון־קודש צי אויף ייִדיש,
נאָר זיכער נישט אויף לשון־גוי.
ווייל קליידן ס׳ליד אין פֿרעמדע לבֿושן —
זאָגט ביאַליק שטיפֿעריש און ליב —
איז פּונקט ווי וואָלטסט דיין כּלה קושן
דורך זיידן טיכל אויף דער ליפּ.
ס׳איז אפֿשר זעלביקע הנאה,
ס׳איז אָבער נישט דער זעלבער טעם...
אַ דיכטער דאַרף זיין אַ קנאי,

װען ס'שטייט אין קאָן די שפּראַך פֿון שטאָם.
אָט האָט זײַן ליד אויף לשון־עשׂו
געזונגען שמעון־שמואל פֿרוג:
נאָר בעסטער ווײַן ווערט יין־נסך,
ווי נאָר עס פֿליסט פֿון פֿרעמדן קרוג.
אויך איר, מײַן יונגער פֿרײַנד, שרײַבט רוסיש,
דערצו נאָך לידער וועגן „ספּאָס"...
כ'וויס: ס'איז נישט מער, ווי יוגנט־שטותים,
עס וועט פֿאַרבײַגיין די חולאַת.
עס לאָקן שטענדיק פֿרעמדע שטערן
מיט פֿאַלשער שײַן און פֿאַלשן זשאַר...
איז היט דעם אייגענעם, דעם קרן,
ווי ס'זאָל נישט רײַך זײַן פֿרעמדער שׂכר.
ווי פֿליגל, ביאַליקס רייד צעפֿאָכען
אין דודס האַרץ אַ שײַטערפֿלאַם:
— איך האָף, מײַן פֿרײַנד, פֿון פֿרעמדע דרכים
וועט איר זיך אומקערן צום שטאָם!

## בײַ מענדעלען

דיעכטיאַרנע גאַס. דער אָוונט שטראַליק
מיט רויטן ליכט אויף שנייען גליט.
צום ערשטן מאָל פֿירט בלאַנקן ביאַליק
צו מענדעלען מיט אַ וויזיט.
אין טונקלען הויף אַן אַלטע שולע.
אויף ליפּן — ערשטער לידערפֿוך.
בלאַנק טראָגט דעם חכם פֿון קאַפּוליע
זײַן נײַ־דערשינען רוסיש בוך.

אין קאַבינעט, באַשטעלט מיט ביכער,
באַגעגנט זיי אַן אַלטער ייִד.

זײַן קול איז לויטער קלאָר און זיכער,
אַז וואָרעם ווערט אין יעדן גליד.
עס דוכט זיך בלאַנקן: ווענט פֿון חדר
צעשפּאַרט זײַן גלײַך־הייסער בליק.
— כ׳האָב אײַך — זאָגט ביאַליק — ליבער זיידע,
געבראַכט אַ דיכטער אַן אַנטיק!
אַ צווײַג איז ער אַן אָפּגעפֿרעמדטער...
ער רעדט האַלב ערנסט, האַלב אין שפּאַס:
— זײַן יחוס ציט ער פֿון בעל־שם־טובֿ
און לידער שרײַבט ער וועגן „ספּאַס"...
בלאַנק זיצט געפּלעפֿט פֿון ביאַליקס דרשה.
דעם „זיידנס" בליק אי גלעט, אי בריט:
— נישט וויכטיק, ביאַליק, איז דאָס לשון,
נאָר וויכטיק, בחור, איז דאָס ליד.
עס פֿאַלן־אָפּ פֿון אונדז די בלעטער.
נאָר שרײַבן שרײַבט אַ ייִד אַזוי,
אַז אין זײַן ליד צו פֿרעמדע געטער
קלינגט סײַ־ווי־סײַ דעם ייִדנס „אוי!"...

## יאַן גאַמאַרניק

### ביאַליקס שוואָגער

מיט ווײַסגוואַרדייערס ווי מיט רינגען
אַרומגעקאָוועט איז אָדעס:
אין הײַזער בושעוועט דער הונגער,
אויף גאַס — אַבלאַוועס און אַרעסט.
אין אַלטן פּאַלאַץ וואָראָנצאָווער,
אויף ניקאָלײַעווער בולוואַר,

אין ברוינער קורטקע, אין וואַטאָווער,
זיצט יאַן גאַמאַרניק — קאָמיסאַר.
אין שמאָלן צימער — אַ קושעטקע,
אַ טיש, אַ הילצערנער טאַפּטשאַן,
אויף נידעריקער טאַבורעטקע
זײַן מירשוים־ליולקע רייכערט יאַן.
דאָס פּנים מיד פֿון נישט דערשלאָפֿן,
דאָס בערדל שפּיציק, נישט פֿאַרקאָמט.
אין ברוינע אויגן, ווי הלפֿים,
אַ גרינער פֿלאַקערדיקער פֿלאַם.
אויף טיש — סוכאַרעס, שוואַרץ ווי שפּאָגעס [37],
אַ נישט־דערטרונקען גלעזל טיי.
צו בלאַנקן טענהט ביאַליקס שוואָגער,
דער שטרענגער פֿירער פֿון פּאַרטיי:
— די לאַגע ז׳ערנסט, ליבער חבֿר,
עס לויערט שונא איבעראַל,
איז דאַרף מען היטן בײַ „זאַסטאַווע" [38],
ווי ס׳אויג אין קאָפּ, דעם אַרסענאַל.

## צווישן „צוויי בערג"

און פּלוצעם — אויף דער שוועל אַ זשוואַווער
מאַטראָס מיט בלויזן באַיאָנעט:
— עס מעלדעט זיך צו זען דעם חבֿר
זײַן שוואָגער ביאַליק, דער פּאָעט.
— אַרײַן! — פֿאַרסאָפּעט און פֿאַרפּאַליעט,
אין לײַכטן טיליפּל פֿון שליאַם [39],
פֿאַר זיי שטייט חיים־נחמן ביאַליק,

---

[37] ברעטער. — [38] קאָנטראָלפּונקט בײַם אַרײַנפֿאָרן אין שטאָט. — [39] אַ קורץ־טקע־פּוטערל מיט לאַנגע האָר.

אין בייזע אויגן — פֿײַערפֿלאַם.
ער רעדט צעשויבערט און פֿאַרדראָסיק,
די ווערטער ווי צעגליטער פעך:
— מ׳האָט ווידער שוין אַ ייִד דערשאָסן,
ער איז ניט שולדיק אין פֿאַרברעך!
בלאַנק הייבט זיך פלוצעם אויף פֿון טישל.
— פֿאַרבלײַב! — באַפֿעלט אים יאַן געהיים.
און ביאַליק: — יאַן, אַפֿילו רשעות
אַ זין מוז האָבן און אַ צוים.
איר זוכט דערנענען דעם באַחרית,
ישעיהס ליכטיקן חזון —
וואָס לאָזט איר בייזע סיטרא־אַחראס
באַהערשן הפֿקר דעם המון?
איר ווילט: וגר זאב עם כבש,
ונער קטן נהג בם [40], —
צו וואָס מוז קין טייטן הבֿלען,
און נישט לאַחדים, נאָר הורטאָם?
ושעשע יונק על חר פתן [41]...
נו, גוט, כ׳בין מסכּים... נאָר צו וואָס:
בײַ ייִדן צונעמען פּרנסה
און געבן „ס׳דאַטשע“ [42] זיי אַ שאָס?

— זאָג, יאַן, האָט דאָס געמיינט ישעיה
מיט זײַן נבֿיאיש לויטער וואָרט:
אַז ס׳זאָל די האַנט פֿון דעם באַפֿרײַער
אין בלוט זיך טובֿלען און אין מאָרד?
איך רייד פֿון ביאַליקן דעם בעקער,

[40] (ישעיה י״א, ו) און אַ וואָלף וועט הויזן מיט אַ שעפּס... און אַ קליין ייִנגל וועט זיי פירן (יהואָש). — [41] (ד״ז, ט) און אַ זייגעדיק קינד וועט זיך שפּילן בײַ דער נאָרע פון אַ שלאַנג. — [42] רעשט.

(ר׳איז נישט קיין קרובֿ מיר געווען!),
געשפּײַזט אָדעס מיט ברויט און לעקעך,
אַליין געקנאָטן מיט די הענט.
אַוועקגעשטעלט פֿיר בעקערײַען...,
און מיט אַ מאָל — פֿאַרדרייט דעם קנויט...
איז טאַקע, יאָ, לית־דין, לית־דיין,
און הפֿקר־לעבן, הפֿקר־טויט?
און איז דער ביאַליק, אָט דער בעקער,
דער קרבן איינציקער — און שוין?
איר בויט אַ וועלט אויף מאָרד און שקר,
איז וואָס וועט, יאָ, זײַן אײַער לוין?
ער ווישט זיך אָפּ דעם שווייס פֿון פּנים
און פֿאַלט אַ מידער אויף דער באַנק.

— איר רעדט צו אונדז, ווי צו גזלנים! —
אי שטאָלץ, אי רויִק ענטפֿערט יאַן:
ווען מ׳האַקט די וועלדער, פֿליִען שפּענער,
כאָטש ווײ טוט אפֿשר יעדן שפּאַן.
נאָר אונדז האָט אָנגעצייכנט לעניִן
אַ נײַע תּורה אויף דער פֿאָן.
אַיעדע תּקופֿה האָט איר גורל
און יעדע טאָט האָט איר באַלוין:
עס האָט אַפֿילו משהס תּורה
געפּריידיקט אונדז: שן תּחת שן.
און אַז געוואַגט האָט קורחס עדה
זיך שטעלן קעגן משהס וואָרט,
האָט אל־צבֿאות בלויז פֿאַר ריידן
באַשטראָפֿט די מורדים אויפֿן אָרט.
און דאָ — דער שׂונא שטייט און שעדיקט,
און צילט אויף אונדז מיט בלײַ און שרויט:

נישטאָ קיין רחמים און קיין צדק,
כּל־זמן דער שונא איז נישט טויט!

— פֿיר טויזנט יאָר האָט תּורת־משה
נישט אָפּגעשאַפֿט קיין מאָרד און פּײַן.
איצט זוכן מיר אַ נײַעם יושר,
וואָס זאָל פֿאַר אַלעם גילטיק זײַן.
איר גלייבט אין חלום פֿון „באַחרית",
אין אַלטן חלום פֿון כּנען.
און איך? אַנטקעגן סיטרא־אַחרא [43]
ציל־אָן מײַן טרײַען, מײַן נאַגאַן.
איך גלייב נישט: ס'וועט חזון ישעיה [44],
נאָר כ'גלייב: עס וועט סאָוועטסקי סטראָי [45]
דעם שעפּס, דעם ייִדישן, באַפֿרײַען
פֿון פּחד וועלפֿישן פֿאַר גוי.
געקומען זײַנען מיר באַיאָען
צווישן פֿעלקער אונדזער ניין:
נישטאָ קיין ייִדן און קיין גוייִם —
אָט דאָס וועט, שוואָגער, זײַן דער לוין!

ס'ווערט ביאַליקס פּנים בלייך און בלייכער,
נאָר ס'קול איז שאַלנדיק און קלאָר,
ווי ס'וואָלט אַ נבֿיא בעלס היכל
געשטורעמט מיט יהוהס וואָרט:
— איר זוכט אַ נײַע תּורה! שוטים,
לויט אײַער לעגינס חוק ודין,
וועט איר די העלדזער איינס בײַם צווייטן
זיך איבערהריזען [46] ווי די הינט!

[43] (קבלה) די נישט־גוטע וואָס ריידן־אָן צו שלעכטס. — [44] די נבואה וועגן פֿאַרוואַנדלען שווערדן אין אַקער־אײַזנס, ווען „אַ וואָלף וועט ווינען מיט אַ ציי־קעלע". — [45] סאָוועטישער רעזשים. — [46] אײַנבײַסן.

בלאַנק קוקט אויף ביידן: יאַן און ביאַליק,
ווי בליץ פֿון צדק קעגן שווערד.
ער זעט דעם בריסקער און דעם ביאַלער
אין ליכט פֿון פּרצעס „צוויי בערג״.

## פון בוך „דער חרובער דור״

### דער טויט פֿון יאַן גאַמאַרניק

געהייליקט דעם ליכטיקן אָנדענק פון מײַן יוגנט־חבר,
מאַרשאַל פון דער רויטער אַרמיי, יאַן גאַמאַרניק,
וועלכער איז געפֿאַלן אַ קרבן פון סטאַלינס רציחות אין 1937

איבער מאָסקווע האָט פֿינצטער געפּויזעט
ווי אַ שלאַנג — אויף איר לויער — ווילקיר,
ווען אַ האַנט, אַ באַפֿעלעריש בייזע,
האָט פֿאַר טאָג אָנגעקלאַפּט אין זײַן טיר.

ר׳איז אַראָפּ פֿון זײַן וואַכן געלעגער
אין ווייטיק, אין צער און אין שטויך:
אויף דער שוועל האָבן אים באַגעגנט
דרײַ פֿאַרקנעפּלטע שטומע פֿאַרשוין:

— אַנטשולדיקט אונדז, יאַן באָריסאָוויטש,
וואָס מיר האָבן געשטערט אײַך די רו!
איר דאַרפֿט זיך אַליין דערשיסן,
האָט באַשלאָסן די גע־פּע־או [47].

און איינער מיט הענט שערשאַווע,
מיט אַ פּנים צעפּאָקט פֿון פֿאַרשווער,

[47] סטאַלינס געהיים־פּאָליציי.

דער קאַט — זײַן געוועזענער חבֿר —
האָט דערלאַנגט אים דעם רעוואָלווער.

געקוקט האָבן ס'ווײַב און טעכטער,
ווי מיט אייד'לער און רויִקער האַנט
האָט דער מאַרשאַל צום שלייף, צו דעם רעכטן,
אַ שטעל געטאָן ס'מויל פֿון נאַגאַן.

און געבליבן ז'ער ליגן אַ טויטער,
געטראָפֿן פֿון בליץ, אויף דיוואַן,
ווי אַן אָדלער מיט פֿליגל צעשפּרייטע,
געביסן פֿון גיפֿטיקער שלאַנג.

## פון בוך „דער פאַרמשפּטער דור״

### אַן אָוונט אין אויגוסט

... געוועזן איז דער טאָג אַ כמאַרנער —
נישט קיין טאָג, נאָר אַ טערקישע באָד.
ס'האָט געשלאָגן אַ היץ אַ פּאַרנע
און געברענט האָט די ערד אונטער טראָט.

... נישט אַ „בערטאַ״ האָט אויסגעשאָסן,
נישט געפֿאַלן אויף קעפּ איז די האַק:
„ס'האָט רוסלאַנד מיט דײַטשלאַנד געשלאָסן
צווישן זיך אַ „ניט־אָנגריף־פּאַקט!״ —
יאָגט די נײַס איבער טעלעגראַף־דראָטן,
ווי פֿינצטערע פֿייגל אין זון.
און עס רוקט אויף דער וועלט זיך אַ שאָטן:
— „צווישן היטלער און סטאַלין אַ בונד!״ —
דוד רײַבט זיך פֿון שטוינונג די אויגן:

— איז עס מעגלעך? ווי קאָן עס זײַן?
ס'איז ניו־יאָרק. צוויי־און־צוואַנציקסטער אויגוסט,
נײַנצן־הונדערט און דרײַסיק־נײַן.

... עס וואַקסט און עס שפּרייט זיך מהומה.
די געשעענישן פֿליִען גאַלאָפּ.
ס'איז שוין ווידער קיין מאָסקווע געקומען
אויף באַזוך הער ריבענטראָפּ.
און געלאָזט האָט מאָלאָטאָוו פֿאַלן
אַ ווערטל — אַ פֿאָך מיט דער האַק:
„דער פֿאַשיזם — האָט געזאָגט כאַוועד סטאַלין —
איז נישט מער, ווי אַ זאַך פֿון געשמאַק!"...
און אָט איז געקומען די בשׂורה,
ווי אַ פֿינצטערער, קראַנקער דעליר:
— ס'האָט די רויטע אַרמיי מיט שטורעם
קיין פּוילן אַרײַנגעמאַרשירט!
עס גייען די „רויטע" אויף ליטע,
ס'לײַכט אין ווילנע דער „האַמער־און־סערפּ",
און צעטיילט האָבן סטאַלין און היטלער
העלפֿט אויף העלפֿט זיך מיט דער פּוילישער ערד.
„די רויטע אַרמיי זוכט בלויז פֿרידן!" —
טענהט מאָלאָטאָוו ווידער אַנאַנד —
מיר ראַטעווען בלויז די „בלוטברידער"
פֿון פֿרעמדער, פֿאַרכאַפּערישער האַנט!"
די מלחמה שפּרייט טויט און פֿאַרוויסטונג
און הונגער און מאָרד און פּעסט,
און דאָ, אין ניו־יאָרק, קאָמוניסטן
זינגען הלל דעם „גרויסן נס".
ס'לויפֿן ייִדן צעשראָקן, פֿאַרשמײַעט,
זוכן רעטונג פֿון היטלערס בראַנד,

און דאָ, אין ניו־יאָרק, אין דער „פֿרײַהייט“,
טאַנצן ייִדן אַ פֿריילעכן טאַנץ...

*

יענע גרויליקע טעג אין דער „פֿרײַהייט“
נישט פֿאַרגעסן וועט דוד בלאַנק.
ער זיצט גאַנצע טעג, ווי פֿאַרטײַעט,
דאָס האַרץ אין אַן אײַזערנער צוואַנג.
עס רוישט און עס רעשט זיך אַרום אים.
ווי פֿון זינען אַראָפּ וואָלט די וועלט.
און העכער פֿון אַלעמען טומלט
דער „פֿירער“ מאָריס מאַנדעל:
— איר ווייסט גאָר נישט, וואָס פֿאַר אַ קלוגן,
בראַוון צוג ס'האָט כאַווער סטאַלין געמאַכט:
ערשט איצט, ווען די וועלט איז משוגע,
וועט ער ווײַזן דער וועלט זײַן מאַכט“...



ל. פײַנבערג (לינקס) אויף אַ צוזאַמענקום מיטן נשיא יצחק בן צבי
(רעכטס) אין ניו־יאָרק

## פֿון אַלע תפוצות

אַ לויב דעם דור פֿון מי און ווונדער,
וואָס די השגחה האָט געבענטשט:
ער זאָל אין אײַזערנעם יאָרהונדערט
פֿאַרהיטן ווערדע פֿון דעם מענטש.

פֿון אַלע תּפֿוצות, אַלע גבֿולן,
פֿון בייזער, שיקלדיקער וואָר.
דורך זינד און תּשובֿה — צו גאולה
געקומען איז געבענטשטער דור.

מיט קעפּ דערהויבן צו די הימלען,
מיט פֿיס פֿאַרוואָרצלט אין דער ערד,
ער האָט מיט טרוים פֿון אָדלער־פֿליגלען
געהאַקט טראַסן אין די בערג.

געטריקנט זומפּן מיט געזאַנגען,
פֿון שטיין אַרויסגעהאַקט אַ קוואַל,
געקעמפֿט מיט עקדישן און שלאַנגען,
אין וויסט פֿאַרטריבן דעם שאַקאַל.

געוווינט אין בײַדלעך און באַראַקן,
געשניטן זאַנגען מיט אַ ליד:
ווי שווער געווען איז דער צעאַקער,
נאָר זיס ווי האָניק איז דער שניט!

פֿון קנעכטשאַפֿט לעצטער דור אין גלות,
פֿון אויסלייזונג דער ערשטער דור:

די וואָר פֿאַרוואַנדלט האָט אין חלום,
פֿאַרוואַנדלט חלום האָט אין וואָר.

אַ לויב די בויערס פֿון דעם לעבן,
צו דעם געבענטשטן דור אַ לויב:
דורך טײַכן בלוט און שווייס און שוועבל
האָט ער פֿאַרעקשנט זיך: איך גלויב!

און אויסגעקריצט די עלפֿטע דיברה:
האָב ליב דײַן לאַנד ווי זיך אַליין!
און העכער נאָך: דײַן לאַנד האָב ליבער
ווי ליבסט דאָס אייגענע געביין!

זאָל זײַן געבענטשט יצירה־כּוח,
דער גײַסט דער ייִדישער וואָס בויט:
מיט ליד, מיט טראַקטאָר און מיט מוח
אַן אייגן לאַנד דורך פּײַן און פֿרייד!

נ״י 1963

## דער ריס

אַ נאַכט אויף סטאַנציע קריוואָבאַלקע.
עס ברענט דאָנבאַס [1] אין בירגערקריג.
אויף רעלסן רוט נאָך שווערער סוואַלקע [2]
דער רויטער שטאַב אין בראָניעוויק [3].
אין הייסער נאַכט — געפּײַף פֿון צוגן.
אין נאָנטן דערפֿל האַווקען הינט.
אין פּי־וואַגאָנעס, בײַ קאָמיוגן [4]

[1] קוילן־געגנט אויף אוקראַינע. — [2] שלאַכט. — [3] פּאַנצערצוג. — [4] קאָמוניסטישע יוגנט.

אַ וואַכע דרינדזשעט מאַנדאָלין.
אויף רעלסן זײַטיקע — וואַגאָנעס:
„טיפּאָזנע״ פֿירט מען קיין אָדעס.
און קראַנקן־שוועסטער, ווי איקאָנעס,
באַוואַכן זיי שוין צוויי מעת־לעת.

די נאַכט איז שטיקנדיק־מעליאָווע.
אין פֿאָדערשטן „טאָבנאַ״ [5] ־וואַגאָן
שפּילט ליוליק שאַשקעס [6] מיט אַ חבֿר —
און פּלוצעם קלאַפּט אין טיר ווער אָן.
מיט קוילנשנור אַרומגעוויקלט,
אַ זעלנער מיט אַ רויטן באַנד:
— אַ קראַנקן־שוועסטער, אַן אַנטיקל,
וויל זען אײַך, חבֿר אַדיוטאַנט!
און הינטער אים — אין שוועסטער־קליידער,
די בלאָנדע האָר געשוירן קורץ,
אַ שלאַנקע בייגעוודיקע מיידל
מיט אויגן בלויע ווי לאַזור.
שפּרינגט ליוליק אויף: „אַך, ראַיאַ בליקער!
אַט דאָס היסט, חבֿר, אַ סורפּריז!״
זי קוקט אויף אים מיט סטאַרע בליקן,
ווו ס׳מיניעט גאָלד זיך מיט טירקיז.
ס׳נעמט ליוליק איידל זי בײַם אָרעם
און שפּאַנט־אַרונטער פֿון וואַגאָן.
אין בלענד פֿון רויטע סעמאַפֿאָרן
איר פּנים פֿלאַקערט ווי אַ פֿאָן.

---

[5] פון שטאַב, מיליטער־אָנפירונג. — [6] דאַמקע.

## צוויי מיידל־אויגן אין באַגין

אויף שפּאַלן [7] בליציקע שפּאַנט ליוליק
מיט ראַיאַן האַנט אין האַנט — און שווײַגט.
אין יוליער נאַכט, אין שטערנפֿולער,
איר שטימע ברעכט זיך ווי אַ צווײַג.
און מיט אַ מאָל צעווײנט זיך ראַיאַ,
איר קול — ווי אַ געפּלאַצט געפֿעס:
— פֿאַרגיב מיר, וואָס איך האָב געברײַעט
דיר יענעם אָונט אין אָדעס.
פֿאַרשטיי, דער טאַטע זיצט אין תּפֿיסה.
און דו? דו קעמפֿסט אויף רויטן פֿראָנט.
אַ יאָר אַוועק — דו לאָזסט נישט וויסן,
און פּלוצעם האָסטו זיך דערמאָנט...
זי רעדט, אַ טרויעריקע, בלייכע,
אין אַפּלען — שיקלדיקער ברען:
— כ׳בין אַלץ, כ׳בין אַלץ דיר, ליוליק, מוחל...
שוין באַלד אַ יאָר דיך נישט געזען...
און וואָס געווען — ז׳געווען, פֿאַרבײַ איז,
אַוועק ווי וואַסער אונטער בריק...
צו וואָס מיט ווערטער, ווי לוויות,
פֿאַרטונקלען אונדזער ביסל גליק?
ווי ס׳קושן בינען זאַפֿט פֿון רויזן
און זייגן האָניק פֿון יאַסמין
געזויגן האָבן ס׳האַרץ זײַנס גרויזאַם
צוויי מיידל־ליפּן ביז באַגין.
עס האָבן אָפּגעקרייט שוין העגער,

---

[7] באַנלײַסטן, אויף וועלכע ס׳ליגן צוגעפּעסטיקט די רעלסן. דער פּאָעט באַ־ציט זיך געוויס צו די רעלסן גופא.

ס'האָט אָפּגעשאַלט שוין דער טרומייט.
אין שײַער — צוויי צעגליטע שפּענער,
די לײַבער צוויי — אין ליבעפֿרייד.
און ראַיאַ רעדט: — ווען ביסט אַנטרונען
אַן אויסגעפּאַטשטער פֿון מײַן טיר,
געבליבן בין איך ווי משונה,
נאָר באַלד כ'האָב נאָכגעיאָגט נאָך דיר.
איך בין אַרונטער צו דײַן מאַמען,
נאָר דו ביסט דאָרט שוין נישט געווען.
געהאַקט אין שלייפֿן האָט אַ האַמער,
געציטערט האָבן פֿיס און הענט.
האָב איך פֿאַרפּאַקט מײַן אָרעם קעסטל,
פֿאַרשריבן זיך אין עשאַלאָן —
און בין אַוועק ווי אַ קראַנקן־שוועסטער
דיך, ליוליק, זוכן אויפֿן פֿראָנט.

עס גיט אַ קלונג איר קול מיט שווידער:
— איך פֿיר טיפֿאָזנע קיין אָדעס.
און ווידער שטייט אונדז פֿאָר אַ שיידונג,
מײַן צוג גייט־אָפּ אין אַ מעת־לעת.
זי גיט מיט גאַנצן לײַב אַ ציטער
אין בלויען אויפֿבראָך פֿון פֿאַרטאָג:
— און אפֿשר איז פֿאַראַן אַ מיטל
זיך נישט צו שיידן, ליוליק, זאָג!
איך טרוים צו זײַן אַ באַלערינע,
איך טרוים מיט דיר צו'ר חופּה גיין.
און ווילן מיר דאָס גליק געפֿינען,
מיר דאַרפֿן, ליבסטער, האַנדלען שוין...
נישטאָ קיין פּלאַץ פֿאַר שאַפֿונג־פֿריידן
אין שלאַנגעננעסט בײַם באָלשעוויק...

אויב האָסט מיך ליב, איז לאָמיר ביידע
אַוועק קיין אויסלאַנד זוכן גליק.

ער שווײַגט... — צי מיינט דײַן שווײַגן, ליוליק,
אַז ס'גייט מײַן ליבע דיר נישט אָן?
כ'בין מיד דיך זוכן ווי אַ דולע
פֿון שטאָט צו שטאָט, פֿון פֿראָנט צו פֿראָנט.
עס קלינגען אירע רייד קוריאָז אים,
ס'איז שווער צו כאַפּן דעם באַנעם:
— צו וואָס אַן אייגן לאַנד פֿאַרלאָזן
און זוכן גליקן אין דער פֿרעמד?

דאָס שווײַגן האַמערט אין די שלייפֿן,
זײַן קול ווי פֿראָסטיקער געפֿריר:
— כ'וועל פֿון חבֿרים נישט אַנטלויפֿן,
איך וויל נישט זײַן קיין דעזערטיר!
דאָ איז מײַן לאַנד. אין פּײַן און שוידער,
פֿון הפֿקר און רעוואָלט און קריג,
כ'וועל דאָ געפֿינען שאַפֿונג־פֿריידן,
מײַן ליכטיק אויסגעחלומט גליק.
און דו? אויב ס'האָט דײַן האַרץ באַצויבערט
דער פֿרעמדער, אויסטערלישער ברעג,
וועט מוזן שיידן זיך אויף אייביק
דער ניט־דערשפּאַנטער אונדזער וועג.

פֿאַר נאַכט. איר צוג, אין ליכט אין גרויען,
גערירט האָט זיך אין רויכנקרויז.
אויף ליוליקס האַלדז לײַכט איר קמיע:
דאָס האַרץ, דאָס רינגל און די רויז.

# אין געפאַנגענשאַפט

## אַ נאַכט אין סטעפּ

אין רוימען קראַקען שוואַרצע קאַניעס,
אין סטעפּ — אַן עסעריקע נאַכט.
עס האָט אַרויסגעשיקט מדיוואַני
אויף אויסשפּיר אַ סאָלדאַטן אַכט.
און צווישן זיי דער בראַווער יאַנקאָ
און ליוליק אַדלער — קאָמאַנדיר.
אַ פּולעמיאָט — אויף אַ טאָטשאַנקע [8],
און ס'האָט דער פײַנד זיי נאָכגעשפּירט.
אַ קורצע שלאַכט איז אויסגעבראָכן
אין סטעפּישער פאַרשנייטער נאַכט.
געוווּנען האָבן דעם נצחון
די „ווײַסע" קעגן „רויטע" אַכט.
געפאַלן זעקס בײַ דער טאָטשאַנקע.
געבליבן זײַנען דורך אַ נס:
בלויז ליוליק און זײַן חבֿר יאַנקאָ —
און מ'האָט געבראַכט זיי קיין אָדעס.

*

עס ציִען טעג אויף תּפֿיסה־נאַרע,
ווי תּליות איבער סקאָס פֿון באַרג.
אין נעכט פֿון פֿינצטערע קאַשמאַרן
די יאוש־שלאַנג נאָגט ליוליקס האַרץ.
עס טראַכט דער צווייפֿלענדיקער מורד
מיט פּײַן און ביטערניש און גרויל:

---

[8] האַנט־וועגעלע.

— וואָס גרייט מיר מאָרגן צו דער גורל,
אַ תּליה, צי אַ הייסע קויל?
איך האָב אַ ציל געזוכט אין תּוהו,
דעם קץ דערנענטערן געטרוימט,
נאָר ביי דעם ראַנד פֿון לעצטן טויער
האָט גורל מיר דעם וועג פֿאַרצוימט.
און קאָן מען דען דעם מענטש דערלייזן
און ווייזן אים צום גליק דעם וועג:
דורך קריג צעהוליעטן און בייזן,
דורך בלוט און פֿלינדער, פּיין און שרעק?
און אפֿשר איז גערעכט, ווער ווייס אים,
ווען ס׳נעמט די הענט צעפֿירן עשׂיו,
קאָן יעקבֿס קול בלויז שרייען: „גוואַלד!״...
ס׳דערמאָנען זיך אים ראַיאַס ווערטער
אין הייסער קריוואָבאַלקער נאַכט...
(פֿאַר וואָס האָט ער דאַן זיין באַשערטע
געלאָזט אַנטלויפֿן אַן אַ שלאַכט?)
זי האָט געזאָגט: — פֿאַר שאַפֿונג־פֿרידן
נישטאָ קיין פּלאַץ ביים באַלשעוויק.
אויב האָסט מיך ליב, איז לאָמיר ביידע
אַוועק קיין אויסלאַנד זוכן גליק.
ער קושט דורך טרערן איר קמיע
אין ביטערניש פֿון תּפֿיסה־נעכט
און טראַכט: — נישט ער, זיין דולציניע
געווען איז אפֿשר גאָר גערעכט...

### פֿון גויישע הענט

ווען פֿרומע איז אַוועק צום ברודער,
דערציילט אים ליוליק איז אין „פּלען״,

איז ער געוואָרן שטאַרק צערודערט,
דעם „סקלאַד" געלאָזט אין מיטן ברען,
און איז אַוועק צום פּירשט קוראַקין,
צום אַלטן דומע־דעפּוטאַט,
אַוועקגעלייגט אים צוואַנציק טאַקערס [9],
פאַרוויקלט קונציק אין אַ בלאַט:
— עס קען דעם אַלטן פעטער איציק
פון עק ביז עק דאָ גאַנץ אָדעס.
כ'גיב „טאַקערס" צען אויף דער באָלניצע [10],
און „טאַקערס" צען אויף „קראַסני קרעסט" [11],
אַז איר זאָלט זײַן דער גוטער שתדלן
און פועלן בײַ דעניקינס מאַכט,
אַז מײַן פּלימעניק, יואל אַדלער,
זאָל ווערן פרײַ נאָך הײַנט בײַ נאַכט.
איך גיב מײַן וואָרט... כ'קאָן ברענגען עדות,
און גלייבט מיר, הויכגעשטעלטער פּירשט,
אַז ס'האָבן אים די „רויטע שדים"
מיט געוואַלד, מיט גוואַלד מאָביליזירט.
דער פּירשט האָט שמייכלענדיק און גיריק
פאַרשטעקט די „טאַקערס" טיף אין טאַש:
— איסאַק אַבראַמאָוויטש שאַפּיראָ,
ווסיאָ בודיעט סדיעלאַנאָ [12]... שאַבאַש!
פאַר נאַכט — אַ שטילער, אויסגעצערטער,
איז ליוליק, ווי אַ שטומע קאַלב
אַרײַן צום פעטער און אָן ווערטער
אַ פאַל געטאָן אים אויפן האַלדז.

---

[9] רובל. — [10] שפּיטאָל. — [11] רויטער קרייץ. — [12] אַלץ וועט זײַן געמאַכט.

## דעם פּעטער איציקס גאולה

עס ציִען טעג זיך פּינצטער־טריבע.
אַ קוים אַנטרונענער פֿון קאַט [13],
ווײנט ליוליק אין דעם הינטער־שטיבל
פֿון פּעטערס רעמאַנטירטן סקלאַד.
פֿאַרטריבן לאַנג איז שוין די „מומע",
דאָס שאַנדהויז האָט די מאַכט צעשטערט.
ס'איז אויסגערייניקט שוין די טומאה,
און איציק ז'ווידער אויפֿן פֿערד.
די מאַמע ליוליקן באַזוכן
קומט אָפּט און קלאָגט אויף אירע יאָרן:
— אַרום איז אומגליק און ראַזרוכע [14],
און דו, רעדסט נישט אויס קיין וואָרט.
עס גייט נישט אײַן דאָס לחמא־עניא
זינט דו האָסט, ליוליק, אונדז פֿאַרלאָזט...
קום צ'ריק צו אונדז אין דער אַכסניה,
וועסט זײַן דער גאַנצער באַלעבאָס.
ער קוקט אויף איר מיט טריבע אויגן
און שאָקלט מיטן קאָפּ אויף ניין.
איר דוכט זיך: ס'זיצט אַ מידער פֿויגל,
געשמידט מיט פֿליגל צו אַ שטיין.
זי וואַרט, ער זאָל בײַ איר אַ פֿרעג טאָן:
וואָס ראַיאַ מאַכט און ווו זי איז...
ער שווײַגט — און זי אים זאָגן שרעקט זיך,
אַז ראַיאַ איז שוין אין פּאַריז.
זי גייט־אַוועק און לאָזט אים איבער
אַ שטומען זיצן אויפֿן בעט.

[13] תליון. — [14] חורבן.

און ווײַטער ציִען טעג זיך טריבע,
מיט נעכט פֿון בענקשאַפֿט אין געוועט.
עס פלאָגן פֿינצטערע רעיונות:
— וואָס איז מיט ראַיאָן דאָך געשען?
אויב זי איז נישט אין פלען בײַם שונא,
פֿאַר וואָס זשע קומט זי אים נישט זען?
דער פֿעטער קוקט אויף זײַן פּלימעניק,
וואָס זיצט פֿאַראומערט, ווי אַ שטיין,
אַ גרויער, אָפּגעפּליקטער פעניעק,
וואָס זעט־אויס נעבעכדיק און קליין.
ער וויל אים זאָגן, אַז מיט טאָליען
אַוועק איז ראַיאָ קיין פּאַריז.
ער וויל אים טרייסטן, נאָר געשוואָלן
איז אים די צונג — און אים פֿאַרדריסט.
ער נעמט מיט ליוליקן פֿאַרפֿירן
אַ לאַנגן שמועס וועגן ליד:
— וואָס הערט זיך, ליוליק, מיט דײַן לירע?
דײַן שירה וועלקט שוין צי זי בליט?
צי ס'פּאַסט נישט פֿאַר אַ יאַקאָבינער
פֿון ליד, פֿון הערלעכן דער קלאַנג?
דו האָסט דאָך לאַנג געטרוימט מיט כּינור
די וועלט דערלייזן דורך געזאַנג.
איך האָב געהאָפֿט, אַז דו, מײַן ליוליק,
וועסט גיין מיט ביאַליק אין פֿאַרמעסט —
און ווערן דיכטער פֿון גאולה,
דער באַרד [15] פֿון אונדזער תּהילים־נס...
נאָר מאַלע וואָס אַ מענטש דאַרט חלומט!
אַ טרוים שײַנט־אויף און פֿליט פֿאַרבײַ...

---

[15] פֿאָלקזינגער.

איין זאַך איז קלאָר מיר: די בהלה
איז נישט פֿאַר אונדז דאָ, סײַ ווי סײַ...
אין קאַמף פֿון רויטע, ווײַסע, גרינע
נישטאָ קיין תּכלית פֿאַרן ייִד...
איז גרייט מען זיך קיין פּאַלעסטינע...
ווי וואָלט געווען, ווען דו פֿאַרסט־מיט?...

*

אין ליוליקס אויגן פֿלעמלען קינען,
און ס׳גיט זײַן קול זיך אַ צעוויג:
— וואָס איז מיר, פֿעטער, פּאַלעסטינע?
אַ ווײַטער קלאַנג פֿון לאַנג צוריק...
נו, האָבן דאָרט פֿאַרצײַטנס אָבֿות
געלעבט, געשטאָרבן פֿאַרן לאַנד...
כ׳האָב אויך אַ שיינעם טרוים געכאָוועט,
נאָר ס׳איז מײַן טרוים נישט וועגן כּנען.
איך האָב געהאָפֿט: מײַן טרוים פֿון וווּנדער
מקוים ווערן וועט בלויז דאָ,
ווו יעדע שעה ווי אַ יאָרהונדערט,
און אַ יאָרהונדערט ווי אַ שעה...
ער גיט אַ גלעט די שעוועליורע [16]
מיט בײדע אויפֿגעטויכטע הענט:
— נאָר ס׳האָט דעם טרוים מײַנעם פֿאַרכמורעט
דער יאוש פֿינצטערער אין „פּלען".
איצט שטיי איך ווי דער העלד פֿון מיטאָס
צווישן וויסטע פֿעלדזן צוויי
און ס׳פּיקט דער אָדלער אין געוויטער
מײַן האַרץ, ווי ס׳האַרץ פֿון פּראָמעטיי...

---

[16] קאָפּ לאַנגע האָר.

דער פֿעטער שפּאַנט־אַרום אין חדר
מיט אויפֿגעהויבענע צוויי הענט,
ווי ס׳וואָלט אַ כּהן ביַי עבֿודה
אַן עדה ייִדן שטיל געבענטשט:
— דו זאָגסט, דער „פּלען" האָט דיר פֿאַרכמורעט
דעם טרוים פֿון לענין־טראָצקי־לאַנד.
ביַי מיר איז ערגער פֿון פּעטליורען
דער נײַער רויטער אייבערמאַן.
פּעטליורע האָט געמאַכט פּאָגראָמען,
געטייט דעם גוף מיט האַק און לאָם[17].
איר, רויטע, פּאָגראָמירט נשמות
אין ווילדן, גײַסטיקן פּאָגראָם.
ס׳דאַרף הייסן, אַז איר קעמפֿט פֿאַר יושר,
אַז אַלע פֿעלקער זײַנען גליַיך...
וואַרט, זאָל נאָר זיגן נײַער מושל,
וועט ווערן פֿון דעם טרוים אַ טײַך...
און דער וואָס האָקט איצט קעפּ פֿון שונא
מיט לײַכטער, אויספּרובירטער האַנט,
וועט מאָרגן פֿירן צו דער בוינע[18]
דעם חבֿר אייגענעם אין שאַנד.
עס איז די שטראָף מדאורייתא, —
עס גיט אַ ציטער איציקס קול:
— אין שטרײַט פֿון רויטע, גרינע, ווײַסע
דער קרבן זײַן וועט אונדזער פֿאָלק.
בעל־יושר זוכט די וועלט צעכוואַליען
אין בלוט פֿון גבֿיר און אַדלמאַן...
איך זוך קיין יושר נישט בײַם תּליון —

---

[17] אַ שטיק אײַזן (וואָס קומט אונטער דער האַנט). — [18] ווו מ׳קוילעט בהמות.

גאולה מיינט אַן אייגן לאַנד,
נישט אונדזערע איז אײַער גאולה,
בײַ אונדז גאולה מיינט משיח.
בײַ אײַך דער גואל טייט און הוליעט
און דינט דעם אָפּגאָט פֿון פֿאַרניכט.
מיר זײַנען מיד פֿון אײַער שקר...
דו ביסט מײַן אייגן בלוט־און־ביין,
איז מעג איך דיר דעם סוד אַנטפּלעקן...
מיר קלײַבן זיך אַוועקצוגיין.
פֿאַרשטייט, מיר פֿילן זיך דאָ איבעריק,
אין לעגינס וואָגן — פֿינפֿטע ראָד...
איר אַלע קענט קיין שטײַטל עבֿרי —
און פֿירן ווילט איר אונדז אין באָד[19]...
— פֿאַר וואָר, וואָס דאַרפֿט איר אונדז דאָ האָבן?
מיר זײַנען „דעקלאַסירטער קלאַס".
איר רופֿט אונדז סײַ ווי „שוואַרצע ראָבן",
מיר מאַכן קאַליע אײַער קוואַס...
איז האָבן, ליוליק, מיר באַשלאָסן
אין צײַט פֿאַרנעמען זיך פֿון דאַן.
מיר האָבן דאָ אַ בחור יאָסל,
איז אַרבעט ער אויף דעם שוין לאַנג.
ער איז אַ בחור — אַן אַנטיקל,
אַנטרונען ערשט פֿון אַ פּאָגראָם.
איז דאָ בײַ מיר אַן ערי־מקלט
פֿאַר דעם, וואָס וויל אַרויס פֿון תהום.
פֿון היגער וואָר, דער צערפֿולער,
מיר גרייטן זיך אין וועג אַרײַן.
וואָלט גוט געווען, ווען דו אויך, ליוליק,

---

[19] (אידיאָם) פֿאַרנאַרן.

וואָלטסט פונקט ווי מיר דערזען די שײַן...
און דו? האָסט צו אָרם־נהרים
באַצאָלט מיט איסקע[20] שוין דעם חובֿ...
איך הער, האָסט זיך צעקריגט מיט ראַיאָן:
ס'געפֿעלט איר נישט דײַן רויטער שליף...

*

עס האָט פֿאַרהאַקט זיך פֿעטער איציק
אויף האַלבן וואָרט — אין מיטן שפּרײַז:
— ס'איז ליוליק, נישט קיין צײַט פֿאַר וויצן,
איך האָב פֿאַר דיר ניט־גוטע נײַס.
אַנומלט ז'ראַיאַ אָנגעקומען
מיט צוג "טיפֿאַזנע" קיין אָדעס.
זי איז געווען פֿאַרווירט, צעטומלט —
און אויסגעזען — אַ פֿאָלנער מת.
דערציילט דײַן מאַמען, אַז געטראָפֿן
האָט זי מיט דיר זיך אויף דאָנבאַס,
אַז ס'איז געווען אומזיסט צו האָפֿן
מיט דיר צו הייראַטן כּדת.
אַרומגעגאַנגען אַ פֿאַרגלייזטע,
ווי ס'וואָלט אַרײַן אין איר אַ שד...
געחבֿרט זיך מיט באַלעט־מײַסטער,
מיט גרויען אַנאַטאָל ד'אַרסעט.
געפּלאָפּלט האָבן בייזע צינגער,
אַז אין מאָל, נאָכן באַל "באָמאָנד",
געוואָלט האָט זי אַרונטערשפּרינגען
פֿון רויטן פֿעלדז אויף לאַנזשעראָן.
— "נאָך יענער נאַכט האָט אין זײַן טרופּע

---

[20] פּראָצענט.

אַרײַנגענומען זי ד׳אָרסעט,
האָט זי געשטעלט מיט אים אַ חופּה —
זינט דעמאָלט טאַנצט זי אין באַלעט.
דערנאָך אַוועק זיי זײַנען בײדע
אויף שיף אויף גריכישער „טאַיִס״.
ס׳איז, דוכט זיך, דאָ אין דעם אַ חודש —
איצט זײַנען בײדע אין פּאַריז״.

## יאַנקאָס אַנטרינונג

און ווידער ציִען טעג זיך טריבע,
ווי ס׳וואָלט אַ טאָג געווען אַ יאָר.
די בענקשאַפט נאָגט אין הינטער־שטיבל
דעם מידן מורד ביז קאַיאָר.
זעט־אויס, ר׳האָט ראַיאַן שוין פֿאַרלוירן...
נאָר ערגעץ ווו אַ האָפֿ׳נונג גליט:
איז אפֿשר מיטן פֿעטער פֿאָרן?
קיין אַנדער ברירה האָט ער ניט.
און אײן מאָל, אין אַ נאַכט אַ שפּעטער,
מען קלאַפּט אין טיר. אין דראָזש [21] און קעלט
ער עפֿנט־אויף: פֿאַר אים — זײַן רעטער,
שטייט חבֿר יאַנקאָ אויף דער שוועל.
און יאַנקאָ זיצט שוין אַ צעשטראַלטער:
— ווען מ׳האָט געבראַכט אונדז קיין אָדעס,
האָב איך אין זוים פֿון ראָק באַהאַלטן
דײַן פֿעטער איציקס דאָ אַדרעס.
געטראָפֿן דאָרט אַן אַלטן וועכטער
פֿון אונדזער טאַבאָר — אַ ציגאַן:

---

[21] ציטער.

איך האָב געקענט צוויי זײַנע טעכטער,
האָט מיר געהאָלפֿן גוטער מאַן.
ער האָט געטרויעט מיר, דער ווילער...
בײַ אים אין צימער זיץ איך הײַנט —
איך זע: אַ ייִדישער בית־עולם,
מצבֿות אין לבֿנה־שײַן.
דער פֿאַרקאַן הייבט זיך שטאָליק, שפּיציק...
אַ שפּרונג אַריבער דעם באַריער...
דערמאָנט זיך אין דײַן פֿעטער איציק —
בין איך געקומען גלײַך אַהער.
אויף שויבן גליט באַגינען־פֿײַער.
און פּלוצעם ליוליק גיט אַ שאָס:
אַוועקגעפֿאָרן איז מײַן ראיאַ,
געלאָזט מיך, ברודער, מיט אַ נאָז...

## די צפתער פּליטים

### אין קרײַז פֿון אייגענער משפּחה

און יאַנקאָ איז זינט דאַן פֿאַרבליבן
בײַם פֿעטער איציקן אין סקלאַד.
דער פֿעטער קוקט אויף אים מיט ליבע:
— ס'וועט, יאַנקאָ, זײַן פֿון דיר אַ „לאַט".
איך הער, דו זוכסט אַ מיידל דינה,
מיט איר אַן אומגליק איז געשען,
אַ ייִדיש מיידל אַ הײַסינער,
מיר דוכט זיך, כ'האָב זי דאָ געזען.
אַך, יאָ! געפֿאָרן איז מיט ראיאַן
אַ מיידל דינה אויף דער שיף.

ווי וואָלט געווען עס, יאַנקאָ, טײַער,
ווען דינה איז אין תּל־אָבֿיבֿ?

ער גיט אים קליידער, וועש און העמדער.
און יאַנקאָ טראַכט: — ס׳איז גוט צו זײַן
אַ שטומער גר, אַ ווילדער פֿרעמדער
צווישן אייגענע און פֿרײַנד.
דאָ טרעפֿט מען יאָסל פֿון פּראָסקוראָוו,
זײַן ווײַבל בליומע מיטן קינד.
און ליוליק זיצט מיט זיי, פֿאַרכמורעט,
און יאַנקאָ שפּילט אויף מאַנדאָלין.
מיט זיי גבֿריאל פֿון זשיטאָמיר
מיט בלויען שראַם אויף בלייכער באַק,
דעם שראַם באַקומען אין פּאָגראָם ער
דורך שאַרפֿער סאַבליע פֿון קאָזאַק.

דער פֿעטער גייט־אום צווישן עולם,
שטעלט טיי און צוקער, קעז און ברויט.
ער הערט זיך צו צו ווערטער־קנוילן —
און שטראַלט פֿון נחת און פֿון פֿרייד.
דאָס רעדל פֿירט דאָ יאָסל טאָקער,
ר׳זיצט אויבן אָן בײַם סאַמאָוואַר:
אין אַלץ ער זוכט דעם סאַמע מקור,
זײַן צונג געשליפֿן איז און שאַרף:
— געקוילעט אונדז אין אַלע בוינעס
האָט ווילדער שונא מיט זײַן שווערד,
פֿאַרזייט מיט אונדזערע גאונים,
ווי חנאַי, די לענדער פֿון דער ערד.
— גענוג מיט שײַן פֿון יידן־שײַטערס
באַלויכטן זייער קאַליסיי...
מיר ווילן מער קיין בליץ־אַפּלייטערס

ניִשט זיין פאַר זיכערקייט פון גוי.
ער ווייסט, אַז ליוליק איז נאָך נוטה
אויף „גדולים" אויסזוכן אַ זכות:
— ס'איז פאַלש די תורה פון די רויטע,
דער לענין־טראָצקישער מהות.
— איך וויל ניִשט אָנטרעטן, חבֿרים,
אויף קיינעמס, גלייבט מיר, הינעראַויג:
מיר זײַנען שטענדיקע דאָ גרים —
און ס'לעבן ז'ביטער אונדז ווי לויג.
פעטליורע — הײַנט און מאָרגן — לענין,
דער דײַטש, דעניקין, צי פראַנצויז —
זיי מעגן אַל אין איינעם ברענען
דעם זעלבן טאָג אין זעלבן הויז.
און יאָסל דרייט אַ „קאָזיע־נאָזשקע" [22]
און רעדט מיט חוזק און מיט וויי:
— מיר זײַנען אַלץ בײַ די נאָך מאָשקעס,
אַפילו אין דער רויטאַרמיי.
הײַנט דאַרפן אונדז די באָלשעוויקעס,
איז שיצט מען אונדז פון אַ פאָגראָם,
און מאָרגן וועט אונדז אויף די פּיקעס
אַ נעם טאָן זעלבער „פאָליטקאָם".

## די גאולה איז שוין נאָענט

אָוועק אַ וואָך און ס'קומט אַ צווייטע,
פון ביימער פאַלט דאָס ערשטע בלאַט.
מען שמועסט: עס קומען צ'ריק די „רויטע",
און יאָסל לויפט־אַרײַן אין סקלאַד:

---

[22] פאַפּיראָס פון מאַכאָרקע.

— איך האָב, חבֿרים, גרויסע נײַס.
געדענקט, ס׳איז אַלץ דערװײַל אַ סוד.
ס׳קאָן זײַן: פֿון הײַנט, פֿון מצרים
עס װעט באַלד אױסלײזן אונדז גאָט.
איז הערט די אױסטערלישע מעשׂה:
צװײ הונדערט ייִדן, אַזש פֿון צפֿת
געבליבן שטעקן בײַ די „װײַסע"
װי פּליטים, ממש אױף דער גאַס.
אַנטלאָפֿן זײַנען זײ פֿון טערק,
און קױם דערשלאָגן זיך אַהער.

— דאָ האָט מען זײ, די װיסטע פּליטים,
דערװײַל אין שולן אױסקװאַרטירט
און ס׳האָט אָדעס מיט האַנט, מיט ברײטער,
גענומען זײ אונטער איר שירעם.
מ׳האָט פֿאַר קרבנות פֿון דעם פּלינדער
צו׳ר מאַכט געװענדט זיך אין פּלענבעזש [23]
און מ׳האָט די מענער, װײַבער, קינדער
באַזאָרגט מיט עסן און מיט װעש.
מען האָט באַזעצט זײ אין באַראַקן,
װען די אַרמײ ז׳אַװעק צום פֿראָנט.
נאָר װאָס װעט זײַן דער תּכלית, טאַקע?
מען דאַרף פֿאַר זײ דאָך עפּעס טאָן.

און יאָסל גיט אַ לעק די ליפּן,
די אױגן גלײַען װי אין בראַנד:
— און לעצטן שבת, פֿאַר יום־כּיפּור
איז אײַנגעפֿאַלן אונדז אַ פּלאַן.
מ׳האָט אונדז אַ װוּנק געטאָן פֿון אױבן:

[23] אַמט פֿאַר קריגס־געפֿאַנגענע און פּליטים.

די פּליטים זײַנען זיי צו לאַסט.
איז וויל דעניקין זיי דערלויבן
אַהיימצופֿאָרן צ׳ריק קיין צפֿת.
ווי קומט די קאַץ איבערן וואַסער,
ווען ס׳איז דער ים אי גרויס, אי טיף?
האָט מען דערטראַכט זיך: פֿאַר די צפֿתער
אין האַפֿן דינגען דאָ אַ שיף.

און ס׳האָבן די שליחי־ציבור
זיך אָנגעכאַפּט אין פֿײַנעם פּלאַן.
נאָר זאָגט, ווי שטייט עס דען געשריבן:
צוויי הונדערט צפֿתער בלויז פֿאַראַן?
פֿאַר וואָס נישט פֿיר, צי פֿינעף הונדערט?
און אפֿשר מער? און אפֿשר מער?
הכּלל, ס׳איז ווונדער איבער ווונדער:
די פּליטים וואַקסן ווי די בערג...
עס האָט אַ שמעק געטאָן מיט גאולה,
מיט סוף צום וויסטן נע־ונד.
נאָך לאַנגע חקירות און תּחבולות
געשאַפֿן מ׳האָט אַ פּליטים־ועד.
פֿאַראַנען שוין זעקס הונדערט מאַן
און ס׳איז אַ שיף שוין אויך פֿאַראַן.
— די שיף „רוסלאַן״ איז בלויז אַ שיפֿל.
פּער קאָפּ וועט קאָסטן טויזנט ר״ך [24].
די פֿראַגע איז בלויז: ווער און וויפֿל?
און מסכּים איז דעניקינס מאַכט.

די נײַס האָט אַלעמען געטראָפֿן,
ווי שפּעט אין שבֿת אַ דונערקנאַל,

[24] רובל.

ווי ס׳וואָלט געגנידערט פֿון אין־סופֿן
דער שופֿר של משיח־שאַל.
אויף שויבן בלויט דער אלול־אָוונט.
און יאָסל ווײַטער רעדט מיט האַסט:
— מיר ווערן נײַע איצט נכתּבֿים,
מיר ווערן שוין „ילידי צפֿת״.
עס נעמט־אַרום דעם עולם יאָסל
מיט אויגן גלײַכע ווי שטאָל:

— עס האָט דער פּליטים־ועד באַשלאָסן
אונדז מיטנעמען קיין ארץ־ישׂראל.
איך האָב געזען: מאַן, פֿרוי און קינדער
באַלאַגערן דעם פּליטים־ועד,
פֿון קריג אַנטרונענע און פּלינדער,
פֿון מאָרד, פּאָגראָם און נע־ונד.
פּאָלטאַווער, קיִעווער, אָדעסער,
פֿון מינסק, פֿון ווילנע און פֿון יאַס:
מען ברענט די אַלטע גלות־פּעסער,
מען רופֿט זיך שוין „ילידי צפֿת״.

פֿון פּוילן, ליטע און פּאָדאָליע,
פֿון פֿרעמדער, גלותדיקער היים —
אַן אמתדיקער קיבוץ־גלויות,
ווי אונדזער הערצל האָט געטרוימט.
אויב יאָ גאולה, יאָ קאָמונע,
מיר וועלן מיט אַ ריינער האַנט
דורך סאָציאַליסטישער אמונה
זי אויפֿבויען אין אייגן לאַנד.
ער גיט אַ פּינטל מיט די אויגן
און ווידער ציטערט־אויף זײַן קול:

— וואָס קאָן זײַן אייגענער פֿון איגן?
גאולה מיינט ארץ־ישׂראל.

דער פֿעטער שטראַלט: — עס קומט דער גואל,
דעם גוי להכעיס — פֿאַניע קוואַס [25],
מיר פֿאָרן באַלד קיין ארץ־ישׂראל —
זאָל זײַן דורך יאַס, זאָל זײַן דורך צפֿת!

## אָדעס גרייט זיך צו אַ פּאָגראָם

עס שטייען האַרבסטיקע פֿאַרנאַכטן
מיט שקיעות ווי געפּלעקטער מעש.
אָדעס איז מיד פֿון בײַטן מאַכטן,
ווי זונות בײַטן זייער וועש.
דעניקינס מאַכט להשתּקע
האָט זיך באַפֿעסטיקט אין אָדעס.
ס'האָט אויפֿגעלעבט די שוואַרצע מאה,
פּאָגראָמען גרייט די וויסטע נעסט.
און איבער זיי האַלט פֿעסט די שליטה
סעמיאָן גאַליצינס שוואַרצער גײַסט:
ער איז דער שעף און „פּאָפּיעטשיטיעל" [26]
פֿון דעם אָדעסער בילדונגסקרײַז:
— פֿאַרשווײַגט נישט, קריסטן, די אָבידעס [27]
וואָס ס'האָבן רויטע אונדז געטאָן —
אין אַלעס שולדיק זײַנען זשידעס,
וואָס קעמפֿן קעגן גאָט און טראָן!

[25] דאָס צאַרישע רוסלאַנד. — [26] ממונה. — [27] עוולות (באַליידיקונגען).

ער טראָגט אַ האַרץ שוין לאַנג אויף ייִדן,
נאָך פֿאַר דעם לענין־טראָצקי־זיג:
ער האָט באַשולדיקט זיי אין בגידה,
אַז צוליב זיי ז׳פֿאַרשפּילט דער קריג.
גאַליצינען די רעוואָלוציע
דערלאַנגט אין האַרץ האָט ווי אַ שפּיז.
ער האָט דערפֿילט, ווי ס׳וואָלט אים פּלוצעם
די ערד פֿאַרשוווּנדן אונטער פֿיס.
וואָס מער געזיגט עס האָבן רויטע,
אַלץ טיפֿער איז געוועזן דער שניט.
האָט ער געהעצט די ווײַסע פּליטים:
— אין אַלץ איז שולדיק דאָ דער זשיד!

די ייִדן וואַרטן אויף פּורעניות,
מען שרעקט אין הײַזער זיך און קראָם.
נישטאָ מער מישקאָ דער יאַפּאָניעץ,
וואָס האָט פֿאַרהיט זיי פֿון פּאָגראָם.
עס פֿוילט אין אומבאַקאַנטן קבֿר
זײַן גוף צעלעכערטער פֿון שרויט:
אויף סטעפּ ווי קרײַזלדיקער בלויוואָל
האָט ער צעקושט זיך מיטן טויט.
און פֿון זײַן העלדישער „גאַלאָטע“,
וואָס האָט פֿאַרזוכט שוין רויטן בלײַ,
פֿאַרבליבן ז׳איינער ווי אַ שאָטן,
נאַליאָטשיק ליאָווקאָ שאַלאַפּײַ.
און ליאָווקאָ וווינט נאָך בײַ דער מאַמען
מיט מאַניאַן, זײַן געזעצלעך ווײַב.
גאַליצינס רייד זײַן האַרץ פֿאַרסמען,
די שוואַרצע נײַס פֿון הויז אים טרײַבט.
ער פֿילט, אַז עפּעס איז נישט גלאַטיק,

מען דאַרף דעם ערל „מאַכן קאַלט" [28],
נאָר ר'האָט פֿאַרשפּראָכן: זײַן אַ סטאַטיק [29]
און מער נישט אָנווענדן קיין גוואַלט.

## דעם טאַטנס רוף

און פּלוצעם זעט ער: אין אַ ווינקל,
אין אַ פֿאַרבלוטיקטן שינעל,
דער טאַטע שטייט... די אויגן פֿינקלען,
די ווערטער שפּאַרן אים פֿון קעל:
— עס גרייט זיך פֿינצטערער גאַליצין
די ייִדן טייטן מיט פּאַראַד...
איז דאַרף מען, זון מײַנער, באַשיצן
די ייִדן נישט מיט רייד — מיט טאַט...
און דו? דו וואַקלסט זיך גאָר, ליאָווע,
דו וואַרטסט, עס זאָל געשען אַ נס...
גיי, זון, און ראַטעווע דעם כּבֿוד
פֿון אַלע ייִדן אין אָדעס!
עס שטייען טריבע טעג אָדעסער.
די בלעטער פֿאַלן שוין אין פּאַרק.
קאָסאַרקע גרייט זיך און פּערעסיפּ:
עס קומט דער גזר! עס קומט דער גזר!
מען שפּאַנט־אַרום, ווי שאָטנס בלייכע,
מיט שטומע הערצער אין געווערג.
מען וואַרט בלויז אויף גאַליצינס צייכן
צו כוליגאַנעס אויף די מערק.
מען ווייס: דעם דרײַסיקסטן אָקטיאַבער
גאַליצין מאַכט אַ גרויסן באַל,

[28] דערהרגענען. — [29] סאָלידער מענטש.

די באַנדעס געבן דעם סיגנאַל:
זיך איבער שטאָט אַרויסצולאָזן
מיט האַק, מיט שפּײַערס[30] און מיט לאָם,
און אײַלנדיק און בחיפּזון
אויף ייִדן מאַכן אַ פּאָגראָם.
ר׳האָט אָנגעזאָגט זיי אַקוראַטנע:
אַז אים נישט אָנהייבן די „שלאַכט",
ער וועט אַליין אויף ראָג קאַנאַטנע
מיט זיי זיך טרעפֿן צווײ ביי נאַכט.
אַוועק צו אים אַ דעלעגאַציע:
רבנים צוויי און אַ באַנקיר,
האָט זיי דער „העלד פֿון עדוקאַציע"
באַגעגנט אויף דער שוועל פֿון טיר.
און אָפּגעענטפֿערט זיי מיט העזה:
— איך קעמף נישט קעגן מאַכט פֿון רבֿ —
דאָס האָט געטאָן פֿאַר מיר שפּינאָזע...
האָט ער געהאַט אַ וויסטן סוף...

## ליאָווקאַ מאַכט קאַלט גאַליצינען

און ס׳איז די נאַכט פֿון באַל געקומען.
פֿאַרטײַעט שלאָפֿט נישט גאַנץ אָדעס.
דער זאַל איז אײַנגעטונקט אין בלומען.
עס זאַמלען אין פֿאָיע זיך געסט.
דער זאַל „קופּיעטשעסקאַ סאָבראַניע"
איז אָנגעפֿילט שוין ווי אַ פֿאָס.
עס גרויען פּנימער ווי קאַניעס,
ס׳בליצט־דורך אַ גענעראַלס לאַמפּאַס.

---

[30] רעוואָלווערן (גנבים־לשון).

עס בליאַסקען דימענטן און שפיצן
פֿון דאַמען און בירזשאָווע טײַז[31],
און איבער אַלעם הערשט גאַליצין,
דער „פּאַפּיעטשיטעל פֿון דעם קרײַז".
ער איז דער לייב פֿון דער געזעלשאַפֿט,
אַ קאַוואַליר און דאַמענהעלד,
און דאַרף מען צווישן דער שינעלשאַפֿט —
ער שפּילט דעם לײַ „פּאַלישינעל".
ער גייט פֿון הערן צו די דאַמען
און אַלעמען ער אונטערהאַלט:
זײַן קול איז קלאָר און ווייך ווי סאַמעט
און קלינגט־אָפּ איבער גאַנצן זאַל.
עס קײַכן דאַמעס אין לאָרנעטן.
אַ ווײַל פֿאַרגעסנדיק דעם „ספּלין".
עס קײַכן „קופּצעס" אין מאַנזשעטן,
וואָס שמעקן נאָך מיט נאַפֿטאַלין.
ער גיט אַ קוק נערוועז אויף זייגער:
די ווײַזערס רוקן זיך צו צוויי.
אין שויבן בליצט אין ווײַסע סטויגן
דער פֿרישער, פֿינקלדיקער שניי.
גאַליצין ציט־אַרויף די שובע[32]
מען זאָל נישט זען אים — אין קלאָזעט,
ער גיט דעם דינער הונדערט רובל
און יאָגט אַרויס זיך ווי אַ שד.
אין גאַס איז קאַלט. גאַליצין ציטערט
און שפּאַנט־פֿאַרויס. און מיט אַ מאָל —
אַ בלאָנדער יונג אין שוואַרצן היטל

---

[31] גרויסע שפּעקולאַנטן אויף דער בערזע. [32] פוטער־מאַנטל.

וואַקסט־אויס פֿאַר אים. אין האַנט — אַ „קאָלט״ [33].
אַ שאָס און צוויי — ווי הייסע בליצן:
— סאָבאַקיע אי סאָבאַטשיאַ סמערט [34]!
אַ כאַרכל, און סעמיאָן גאַליצין
אַ טויטער ליגט שוין אויף דער ערד.

## ליאָווקאַ וויל מאַכן פּליטה

אַ וואָך אַוועק. אַדעס אין שפּאַנונג.
אויף דאַרע צווייגן לאַכט דער ראָב:
גאַליצין ז׳טויט — די כוליגאַנעס
געבליבן זײַנען אָן אַ קאָפּ.
זיי ליגן אײַנגעלייגט. אין נאַרעס
באַגראָבן האָט מען האַק און לאָם.
די שוואַרצע מאה איז אויף צרות —
עס וועט נישט זײַן שוין קיין פּאָגראָם.
דעניקינס מאַכט איז מלא חמה:
דאָס האָט געטאָן די „רויטע שפּין״.
מען מאַכט אַבלאַוועס אין די היימען,
מען זוכט דעם מערדער — כאַפּ דעם ווינט!
ס׳איז ליאָווקאַ יענע נאַכט געקומען
אַהיים אַ פֿריילעכער פֿון גאַס,
געזאָגט דעם ווײַב מיט אויגן פֿרומע:
— דו ביסט בײַ מיר דאָך אַ בר־דעת!
איך הער, עס קומען צ׳ריק די רויטע —
איז דאַרף מען נעמען אַ שפּאַציר...
מיר מוזן, מאַניאַ, מאַכן פּליטה
כ׳בין דאָ בײַ „זיי״ אַ דעזערטיר...

---

[33] רעוואָלווער. — [34] אַ הונט קומט אַ הינטישן טויט!

ס׳גייט־אָפּ פֿון דאַן קיין פּאַלעסטינע
מיט זיבן הונדערט מאַן אַ שיף.
איז דאַרף מען, מאַניאַ, אויסגעפֿינען
צי נעמט מען אונדז קיין תּל־אָבֿיבֿ.

## אַ שיף קיין ארץ־ישׂראל

### לשנה הבאה בירושלים

מ׳האָט אײַנגעפּאַקט שוין די וואַליזעס,
צעשריבן זיך אין מאַגיסטראַט,
מ׳האָט שוין באַקומען אַלע וויזעס
אין יעדן פֿרעמדן קאָנסולאַט.
עס פֿאָרן זיבן הונדערט ייִדן,
„ילידי צפֿת״, מיט שיף „רוסלאַן״,
פֿון בלוטיקן, פֿון קידער־ווידער —
פֿאַרפֿלאַנצן זיך אין אייגן לאַנד.
עס מאַכט נישט, וואָס צווישן די פּליטים
פֿאַראַן צוויי הונדערט בלויז פֿון צפֿת —
מען לויפֿט פֿון ווײַסע און פֿון רויטע,
מען לויפֿט פֿון גלות פֿאַניע קוואַס.

די שיף „רוסלאַן״ שוין שטייט אין האַפֿן,
אַ שוואַרצער, וויגנדיקער ראַב:
מאַטראָסן קריכן, ווי די אַפֿן,
אויף שיף אַרויף, אויף שיף אַראָפּ.
עס איז געקומען זיי באַגלייטן
די גאַנצע ייִדישע אָדעס:
רונדוקן, שטעלעכלעך און קלייטן
מען האָט פֿאַרמאַכט אויף אַ מעת־לעת.

דער דעק באַהאָנגען איז מיט בלומען,
דער האַפּן ווי אַ קעסל קאָכט.
מען קוקט אויף שיף מיט אויגן פֿרומע:
— ווי ווערט מען אויך באַפֿרייט פֿון יאָך?

פֿון דאַן אַוועק זײַנען בילויים[35]
מיט אַכט און דרײַסיק יאָר צוריק.
זעט־אויס עס ווערט טאַקע מקוים
פֿרוגס חלום פֿון פּאַפּירן־בריק.
מען האָט געטרונקען אַ לחיים
דורך טרערן אָנגעזאַפּט מיט פֿרייד:
„לשנה הבאה בירושלים!"
האָט פּאָרט געהילכט, ווי אַ טרומייט.
מ'האָט אויסגעוויינט זיך פֿאַרן שיידן
און זיך געקושט צום לעצטן מאָל:
— אם־ירצה־השם און בלי נדר,
מע וועט זיך זען אין ארץ־ישׂראל!

## דער לעצטער עיכּוב[36]

און מיט אַ מאָל — אַ נײַער עיכּוב:
אַ שעה פֿאַר אָפּפֿאָר פֿון דער שיף,
באַווײַזט זיך אויפֿן שמאָלן בריקל
אַן אָפּיצער מיט דירעקטיוו.
און הינטער אים — אַ צען סאָלדאַטן
מיט ביקס, מיט שווערד און מיט נאַגאַן.
בײַם עולם טוט דאָס האַרץ אַ פּלאַטער —
מען לאָזט זיי דורך צום קאַפּיטאַן:

---

[35] (בית יעקב לכו ונלכה) ערשטע גרופּע פּיאָנערן, וואָס זײַנען אַוועק קיין ארץ־ישׂראל אין 1882. — [36] אָפּהאַלט.

— מיר זײַנען פֿון דער „קאָנטר־ראַזוויעדקאַ“ [37]
אַ זוכונג דורכפֿירן אויפֿן „באָרט“ [38].
ס׳באַהאַלט בײַ אײַך זיך אין „סעקרעטקאַ“ [39]
אַ מאַן וואָס איז באַגאַן אַ מאָרד.
מען רופֿט דעם מערדער לייבקע פֿײַער,
ער האָט געדינט בײַם באָלשעוויק,
ער איז אַ בייזע, ווילדע חיה...
סאָלדאַטן, האַלט די וואַך בײַם בריק!
ער האָט דערשאָסן פֿירשט גאָליצין
אין מיטן דער קאַנאַטנע גאַס —
איך מוז פֿאַרהאַלטן אים, דעם היצל,
נישט לאָזן פֿאָרן אים קיין צפֿת.

בײַם קאַפּיטאַן געמט־אָפּ דאָס לשון.
ער גיט פֿון שטוין זיך אַזש אַ וויג:
— דאָ זײַנען אַלע ייִדן כשר,
נישטאָ בײַ מיר קיין באָלשעוויק!
דער אָפֿיצער איז פֿול מיט יוכע [40].
ער שפּאַנט מיט רוגזה צו דער טיר:
— איך מוז דאָ דורכפֿירן אַ זוכונג,
כ׳וויל זען דאָ יעדן פּאַסאַזשיר!

ס׳האָט צווישן עולם ווילדע נײַעס
ווי אַ מגפֿה, זיך פֿאַרשפּרייט.
באַהאַלטן ליגט שוין לייבקע פֿײַער
און ס׳ציטערט אויף זײַן לײַב די הויט.
פֿון טריום [41] זײַן ווײַבל לאָזט ער וויסן:
— דו זעסט דאָך, מאַניאַ, ס׳האַלט דאָ שמאָל...

---

[37] געהיים־פּאָליציי. — [38] אויף דער שיף. — [39] געהיים אָרט. — [40] צעקאָכט בלוט. — [41] טיפֿעניש פֿון שיף.

עס וועט דעניקין מיך דערשיסן...
איז גיב זיי טויזנט ר״ך אין גאָלד.

נעמט מאַניאַ רענדלעך אין שקאַרמיצן
פֿון קופּערט לעדערנעם אַרויס —
און ברענגט זיי גלײַך צום פֿעטער איציק
דאָס פּנים פֿלאַמט איר ווי אַ רויז.
און פֿעטער איציק ניצט מאַניערן,
רעדט העפֿלעך, ווי אַ נאָבלמאַן,
פֿאַרשליסט זיך באַלד מיט אָפֿיצערל
אין דער קאַיוט פֿון קאַפּיטאַן.
דער עולם וואַרט. ס׳האָט בלויז גענומען
נישט לענגער ווי אַ צען מינוט.
דער אָפֿיצער ז׳אַרויסגעקומען
אַן אויפֿגעלייגטער פֿון קאַיוט:
— „וסיאָ לאַדנאָ טוט[42]! געמאַכט אַ זוכונג.
נישטאָ דאָ לייבקע, כ׳שווער בײַם „ספּאַס“[43]!
זײַן פּנים שטראַלט אין הוילע שמוכן:
— יעזשײַטיע, בראַטצי, וו׳דאָברי טשאַס!
נו, מאַרש נאַ ביערעג ווסיאָ גאַלאָטאַ[44]!
ער גיט די זעלנערס אַ באַפֿעל.
דער עולם פֿרײַ האָט אָפּגעאָטעמט.
עס שטיקט אַ טרער פֿון פֿרייד אין קעל.

מ׳האָט צוגענומען שוין דאָס בריקל.
עס גיט די שיף דעם ערשטן פֿײַף.
די הערצער רײַסן זיך אין שטיקער,
נאָר גופֿים שטייען שטאַר, פֿאַרשטײַפֿט.

[42] „דאָ איז אַלץ אין אָרדענונג!“ — [43] יויזל. — [44] פֿאָרט, ברידער, אין אַ גוטער שעה! נו, חברה, מאַרשירט גלײַך אַרונטער אויפֿן ברעג!

טורבינען הודזשען אין געדערעם.
די שיף נעמט רירן זיך פֿון אָרט.
באַגלייטערס פֿאָכען בײַ באַריערן,
מע זינגט „התקוה" אין אַ כאָר.
מיט ליפּן שעפּטשענדיק אַ תּפֿילה,
שטייט ליוליק אויף דער שיף „רוסלאַן":
— כ'פֿאָר זוכן ראַיאַן, מײַן ליודמילאַן[45],
אין ווײַטן צוגעזאָגטן לאַנד.

## אויף דער שיף „רוסלאַן"

### צו דעם לאַנד פֿון די אָבֿות

שווימען שיפֿן איבער ימען,
שפּילן זיך אין בלינדזיקייט.
איינע בלויז וועט נישט פֿאַרזאַמען:
זי וועט אָנקומען אין צײַט.
כוואַליעס יאָגן, כוואַליעס רוישן.
צווישן כוואַליעס שווימט „רוסלאַן".
ווי אַמאָל — פֿון לאַנד אין גושן,
שווימען ייִדן קיין כּנען.

פֿון דעם לאַנד פֿון בייזן המן,
פֿון אוקראַינעס יאָמערטאָל,
לויפֿן ייִדן פֿון פּאָגראָמען
אין דעם לאַנד ארץ־ישׂראל.
שווימען ייִדן — נישט געדאגהט:

---

[45] רוסלאַן און לודמילאַ — העלדן אין פּושקינס אַ פּאָעמע פֿון רוסישן פֿאָלקספּאָס.

בויען וועט זײַן לאַנד דער ייִד,
עסן באָקסערן און פֿײַגן,
זינגען פֿרײַ זײַן אײגן ליד.
מאַסטן קרעכצן, דעקן האָצקען
איבער וואָלקנס און טומאַן —
פֿון דעם גלות לענין־טראָצקי
שווימען ייִדן קיין כּנען.
שווימען ייִדן דורך סכּנה,
איבער כוואַליעדיקן רויש:
הינטער זיי — דער עמוד־ענן,
און פֿאָרויס — דער עמוד־אש.

*

אויף „רוסלאַן" נישטאָ קיין קלאַסן,
אַלע ייִדן — זעלבער קלאַס.
גרויער רוים און גרינע וואַסער,
און די כוואַליע — די מרשעת:
אָט אָ הייבט זי אויף דאָס שיפֿל
אויף דער שוימענדיקער קאַם,
אָט אָ וואַרפֿט זי עס אין טיפֿן
פֿון צעבושעוועטן ים.
ליגן קראַנק די פּאַסאַזשירן,
ברעכן מיט דער גרינער גאַל:
די קבצנים מיט די גבֿירים —
אַלעם ציט אין כּף־הקלע.
בלויז דעם אַלטן פֿעטער איציק
נעמט קיין קראַנקייט, נעמט קיין שרעק:
מונטער, לעבעדיק און וויציק,
דרייט ער אום זיך אויפֿן דעק.
דאַרף מען — שטעלט ער צו אַ שולטער,

דאַרף מען — מאַכט ער גרינג דעם יאָך:
— „ס׳איז אַ שיף דען? ס׳איז אַ מולטער,
נאָר דערשווימען וועט זי דאָך!
פֿערציק יאָר איז מען געקראָכן
פֿון מצרים קיין כּנען.
נו, און מיר — אין צוויי־דרײַ וואָכן
קומען וועלן מיר אין לאַנד.
פֿאָרט אַ ייִד קיין ירושלים
אויף אַ קליינער מולטערשיף,
דאַרף מען מאַכן אַ לחיים
פֿון אָדעס ביז תּל־אָבֿיבֿ!
שמייכלען קראַנקע אויף די דעקן
פֿון דעם פֿעטער איציקס רייד,
ציִען זיך פֿון אַלע עקן
הענט צו אים מיט דאַנק און פֿרייד.

*

שווימט אַ שיף קיין ארץ־ישׂראל
איבער ים דעם שוואַרצן,
זינגען ייִדן אויף אַ קול
מיט אַ פֿרייד אין האַרצן.
טופּעט יוגנט־מאַלאַדיאָזש —
גאָט איז זייער מגין,
איבער רוקנס גייט אַ דראָזש,
פֿלאַמען אין די אויגן.
יוגנט גייט אַ קאַראַהאָד,
פֿון דער פֿרייד פֿאַרשיכּורט —
און אין מיטן פֿון דעם ראָד
איציק גייט אַ ריקוד:
„גרויסער בורא, אונדזער פֿרייד

איז דאָך אין־לשער!״
און ס׳פֿאַרגייט זיך אויף זײַן פֿליט
בלאָנדער ליאָווקאַ פֿייער.
פּעטער איציק הייבט די פּיס:
„אוי, ישׂראל־סבֿא,
ס׳וועט דאָס לעבן צוקער זיס
זײַן אין לאַנד פֿון אָבֿות!״
ד״ר קלויזנער קרימט זיך, קרימט:
— רק עבֿרית דברו!
נאָר אין ריקוד שלעפּן אים
שוין אַרײַן חבֿרים.
איציק טופּעט: „טאַטע־קרוין,
אין דעם לאַנד פֿון מירטן
שלום מאַכן וועלן שוין
שפּחה מיט דער גבֿירהטע!״

## קאַראַנטין אין סטאַמבול

אין סטאַמבול — ווידער שוין אַן אָפּהאַלט:
דעם טערק דערטראָגן האָט אַ שפּיק[46],
אַז ס׳איז דער שטילער בחור קאָפּל
אין מינסק געווען אַ באָלשעוויק.
האָט מען דערלאַנגט אין האַנט דעם אָדון —
און אָפּגעשר׳יען דעם גזר־דין,
נאָר ר׳האָט דערבײַ דורכויס געפֿאָדערט:
אַדורכגיין היגן קאַראַנטין.
און שלעפּט מען ייִדן אין די בעדער
אויף אינדזעלע בײַם מאַרמאָר־ים.

[46] בעהיים־אַגענט.

נאָר נישט געזאָרגט: „הכּל בסדר!" —
מ׳דאַרף צאָלן צינדזן דעם איסלאַם...
עס פּליושקען זיך אויף מירמל־טרעפּלעך,
ווי אין אַ שטעטלדיקער באָד,
געקרויזטע קעפּ און קינדער־קעפּלעך
אין אַ קאָלירטן קאַראַהאָד.
דער פּעטער איציק, אָן די גלעזער,
צעפּאָכעט זיך מיט לאַנגע הענט:
„עס פּעלט אַ שעפּל און אַ בעזעם,
וואָלט ווי אין מרחץ אַלץ געווען"...

## כּיתּות

עס האָבן אויף „רופּלאַן" זיך כּיתּות
געשאַפֿן ווי פֿון זיך אַליין:
געווען אַזוינע וואָס פֿון שחיטות
מ׳האָט קוים געראַטעוועט ס׳געביין.
געווען אַ גרופּע פּאַסאַזשירן,
מיט קיינעם רײדן נישט געוואָלט.
מען האָט געשמועסט: דאָס זײַנען גבֿירים,
וואָס פֿירן־מיט אַן אוצר גאָלד.
די מערסטע אָבער — הייסע טרוימערס,
געפּאַרן זײַנען בויען היימען.
דער פּעטער מיט די דלאָניעס פליעסקעט
און יאָסל טאָקער העלפּט אים צו.
דער פּעטער טראָגט אַ רויטע פּעסקע [47]
און זינגט אַ לידל פֿון אַ קו:
אויפֿן טאַרניוועקער יאַריד
איז אַ קו געפּלויגן.

[47] טערקיש הויך קײַלעכיק היטל.

אויף די הערנער זיצט אַ ייִד —
פּחד אין די אויגן.
ס'איז אונז שבת עס געווען,
שבת נאָכן טשאָלנט.
פֿאָכעט ייִד מיט ביידע הענט,
וויעט מיט די פּאָלעס.
שרייַט דער ייִד: איך שרעק זיך נישט
פֿאַר בהמהס הערנער,
כ'ציטער, ייִדן, ווי אַ פֿיש,
פֿאַר גאָט ברכו דעם צערנער:
הייַנט איז שבת... ס'אַ געפֿאַר,
פֿאָרן ז'אַן עבֿירה,
כּרת קריגט מען דאָך דערפֿאַר,
ייִדן, ס'שמעקט מיט חרם״...
דער עולם קייַכט פֿון פֿעטערס לידל
און בעט אים זינגען נאָך און נאָך.
און ס'וויגט די שיף „רוסלאַן״ אַ מידע
אַרייַן זיך אין דער צווייטער וואָך.

## פּייסי שמאַטעלייַניק

צווישן עולם, אין אַ זייַט,
זיצט אַ ייִד אַ גיבור.
שטאַרן אויגן אין דער ווייַט,
אויגן מידע, טריבע.
אין דער לאַנגער, שטאַרקער האַנט
האַלט ער פֿעסט אַ טשייַניק.
אַלע ווייסן: מ'רופֿט דעם מאַן
פּייסי שמאַטעלייַניק.
ר' האָט פֿאַרלוירן אין פֿילשטין

ווײַב און עלעף קינדער:
טעכטער פּיר און זיבן זין —
אין דעם גרויסן פּלינדער.
זינט דעם פֿינצטער בייזן בראָך
איז דער ייִד אַ שותק.
ברעכט די פֿינגער, קנאָך נאָך קנאָך,
מיטן גוף ער טרייסלט.
„האָסט באַרויבט מיך פֿון מײַן קרוין!" —
צו דעם הימל טענהט —
און געלאָזט מיך איין־אַליין
מיט מײַן אַלטן טשײַניק!
וואָס בין איך דאָ, גאָט־ברוך־הוא?
צוועלף מאָל צוועלף אַ יתום...
נעם מיך צו די קינדער צו,
צו מײַן ליבער סאָסיען"...
נישט קיין זילבער, נישט קיין גאָלד,
אָפּגעשפּאָרט אַ טשײַניק,
פֿאָרט ער איצט קיין ארץ־ישׂראל
פּייסי שמאָטעליײַניק.

## מאַרק איליטש מאַכאָרקין

צווישן עולם, אויפֿן דעק,
דרייט זיך אַ פּאַרשוין אום:
הענט געניטע אין געשלעג,
אויגן — שאַרפֿע, קליינע.
איז מיט אַלעם כאַוועד־לאַפּ,
זאָגט, ער קומט פֿון זשאַרקע,
נאָר ער רעדט, ווי אַ קאַצאַפּ:
מאַרק איליטש מאַכאָרקין.

ווי ער קומט אויפֿן „רוסלאַן“,
איז אַ סוד פֿאַר אַלעם.
אומעטום איז ער פֿאַראַן,
טענצלט ווי אַ באַלעם.
אַנגעטאָן איז ער — אַ פֿראַנט,
שטיוועלעך מיט שפּאָרן.
זאָגט, ער איז אַ מוזיקאַנט,
אָנגעפּירט מיט כאָרן.
ווען ער גייט פֿאַרביַי אויף דעק
פֿאַרן פֿעטער איציק,
יענער טרעט אים אָפּ דעם וועג
מיט אַ חוזק־וויצל:
— נחס תּיבֿה איז געווען
פֿול מיט אַלע זוגות:
חיות, שרצים, מענטשן, שלענג —
נאַרישע און קלוגע.
ווי די תּיבֿה, דער „רוסלאַן“
מענטשן פֿיר און קראָען —
דאָרט ווו ס׳איז אַ ייִד פֿאַראַן,
דאַרף מען שבת־גוייִם“...

## די טענצערס

שוועבט־אַרום אַ טענצעריונג,
ברוך אַגדתי,
דרייט אַרום זיך, ווי אַ וויון [48],
נישט ער גייט — ער פֿלאַטערט.
און מיט אים —אַ מויד, אַ גאָלד,
שיַינט זי — אַ קאַרטינע“ [49],

[48] אַ דריידל. — [49] אַ שיין בילד.

אײדל, צאַרט — אַ גלאַדיאָל,
הייסט זי מאַשאַ ווינער.
טאַנצן בײדע זײ צוזאַם,
ווי צווײ מאָטן — אויפֿן ים.
קוקט דער פֿעטער איציק אָן
די צעשטראַלטע טענצערס
און ער פּאַטשט מיט פֿלאַכער דלאָן
איבער ברוינעם שפּענצער:
— ווער מיט אַקער, ווער מיט שפּיז,
ווער מיט שווייס און דויער,
זײ... זײ וועלן מיט די פֿיס
ארץ־ישׂראל בויען.

## הלכות סאָציאַליזם

זיצן יונגען אין אַ ריי,
בחורים, ווי ריזן.
יאָסל טאָקער קנעלט מיט זײ
הלכות סאָציאַליזם:
— „ס'איז די לערע קלאָר, ווי גלאָז,
ליכטיק ווי דער אמת:
ייִדן האָבן פּשוט־פּראָסט
צו פֿיל, צו פֿיל קרעמערס.
ס'איז געוועזן געזעץ פֿון סדום,
ס'האָט דער צאַר געצוווּנגען:
„אָדער, ייִדן, זיצט אין קראָם,
אָדער שטאַרבט פֿון הונגער!“...
ס'קאָן אַ פֿאָלק אַ גאַנצס נישט זײַן
מעקלער, סוחרים, הענדלער —
האָט מען אומעטום אונדז פֿײַנט,

זוכט מען אונדז פֿאַרלענדן.
בויען וועט דער ייִד זײַן לאַנד
מיט אַ האַרעפּאַשנער האַנט.

## די דיכטערין רחל

פֿאַרטיפֿט אין בוך, בײַ רעטונג־לאָדקע,
אַ יונגע פֿרוי אויף טומבע [50] זיצט.
אויף בלייכע באַקן בליט טשאַכאָטקע,
אין הייסע אַפּלען אומעט בליצט.
אַ לענגלעך פּנים, בלויע אויגן,
זי זיצט אַן איינזאַמע אויף דעק,
ווי ס׳וואָלט אַ מידער, קראַנקער פֿויגל
פֿאַרפֿלויגן פֿון אַ ווײַטן העק.
זי איז פֿאַר אַלעם אַ זאַגאַדקע [51],
נאָר ליוליקן די יונגפֿרוי ציט.
ער ווייסט: אַ דיכטערין פֿון וויאַטקאַ
די פֿרוי איז — און זי שרײַבט עבֿרית.
עס שטעלט זיך נעבן איר אָפּ ליוליק,
פֿאַרפֿירט אַ פֿרײַנדלעכן געשפּרעך.
די אַקסלען אין אַ פּלעד [52] זי טוליעט,
די בליקן — ווי צעפֿלאַמטע לעכט.
זי בעט אים זיצן: — מ׳רופֿט מיך רחל...
איר זײַט אַ רוסישער פּאָעט.
ס׳איז גוט צו האָבן אַזאַ שכן...
איר שטימע קלינגט ווי אַ געבעט.
— אַנטשולדיקט מיר — זאָגט ליוליק איידל —
מײַן ליבע פּריסטערין פֿון ליד:

---

[50] בענקעלע. — [51] רעטעניש. — [52] דעקטוך.

ווי קומט עס, וואָס אַ וויאַטקער מיידל
זאָל שרײַבן לידער אויף עבֿרית?
ווען איר באַזיצט די שפּראַך פֿון בלאָקן
און פֿון אַכמאַטאָוואַן דעם קלאַנג?...
זי גיט אַ קוק אויף אים דערשראָקן,
נאָר ס׳קלינגט איר ענטפֿער — אַ געזאַנג:
— ניין, נישט אין רוסלאַנד העלט מײַן שטערן,
אין לאַנד פֿון אָבֿות גליט מײַן שײַן.
כ׳וועל קיין אַכמאַטאָוואַ נישט ווערן,
כ׳וויל בלויז אַ רחל בלאָושטיין זײַן.
און איר? ס׳האָט וועגן אײַך מיר ביאַליק
דערציילט. ער האַלט פֿון אײַך אַ סך.
אויך איר קאָנט ווערן נאָך נתעלה
און דווקא אויף דער חומש־שפּראַך.
ס׳פֿאַרנייגט זיך ליוליק: — כ׳דאַנק אײַך, שוועסטער.
ס׳שאַפֿט יעדער דיכטער זיך זײַן חוק.
און איך? מיט פּושקינען פֿאַרמעסטן
מיר ווילט זיך אויף דער שפּראַך פֿון בלאָק.
אויף אונטערדעק ער טרעפֿט דעם פּעטער,
וואָס גיט אַ שמייכל און אַ זיפֿץ:
— וואָס מאַכט די לײַדנדע פּאָעטין?
זי זוכט אַ חתן אויף דער שיף
פֿון תּלמוד פּטור און פֿון רמב״ם,
די ווײַבער דאַרפֿן קאָכן פֿיש...
און זי? אַ שיסל פֿול מיט יאַמבן
דעם מאַן דערלאַנגען וועט צום טיש.

## דור הולך ודור בא

די נאַכט, ווען צפֿתער ייִד, ר׳ חיים
איז אויסגעגאַנגען שטיל פֿון טיף[53],
האָט מאַניאַ, ס׳ווײַב פֿון ליאָווקאַ פֿײַער,
אַ קינד געבוירן אויף דער שיף.
געוואָרן פּלוצעם אַ בהלה:
דערקלערט: דעם מת, נאָך אַלע כּללים,
אין ים אַרײַנוואַרפֿן מע מוז!
דער פּעטער האָט געמאַכט אַ שטורעם:
— וואָס הייסט, מען וועט אַ ייִדן סתּם
אַזוי אָן תּכריכים און אָן קבֿורה
צו פֿיש אַרײַנוואַרפֿן אין ים?
אויב מלאך־המוות מיט דער פּטירה
האָט דרײַ טעג וואַרטן נישט געוואָלט,
דעם נפֿטר וועלן מיר דערפֿירן
אויף שיף צום ברעג פֿון ארץ־ישׂראל.
דער פּעטער האָט דאָס קינד, דאָס נײַע,
באַגריסט אין מזלדיקער שעה:
— „מען דאַרף אים, ברידער, רופֿן חיים,
ווי ס׳שטייט: דור הולך ודור בא!
„רוסלאַנס" סירענעס רעווען, רעווען.
דער קוימען שפּײַט מיט שוואַרצן רויך.
אַרום דער שיף שוין פֿאַטשן מעוועס
און אַלבאַטראָסן אין דער הויך.
דער פּעטער שפּאַנט־אַרום. עס פֿעכלט
זײַן טיף צעקאַרבט געזיכט פֿון פֿרייד:
— ווי שטייט אין פּסוק — נין ונכד,

---

[53] טיפֿוס.

אַנשים, נשים, קינד און קייט.
פּאָר טאָג. עס מאַניעט שוין דער האָפֿן.
נאָך איין־און־צוואַנציק טעג אין וועג
דערשווומען איז „רוסלאַן" קיין יפֿו
און לאַנדן נישט געקאָנט בײַם ברעג.

## דער האַלבער ייִד און האַלבער רוס

ס'איז ליוליק אויפֿן דעק געשטאַנען
מיט הענט פֿאַרלייגטע אויף דער ברוסט:
— וואָס טוט ער דאָ? — ער טראַכט אין יוואַנען —
דער האַלבער ייִד און האַלבער רוס?
אָט שטייט ער בײַ די בלויע ברעגן
פֿון אַלטן אויסטערלישן לאַנד,
ווו ס'האָבן איבער וויסטע שטעגן
געשפּאַנט די שטאַמען פֿון כּנען.
ווו ס'האָט אַבֿרהם אויף עקדה
געפֿירט זײַן יצחקן, זײַן זון,
ווו ס'האָט דער פֿײַנד אין שרעק און שוידער
פֿון כּנען אַרויסגעיאָגט בן־נון.
וואָס בינדט אים דאָ מיט יענע שטאַמען,
דעם ווײַטן אָפּשפּראָצלינג פֿון זיי?
ס'דערמאָנען רייד זיך פֿון מלמד
אין קיִעווער נעכט פֿון פֿרעסט און שניי.
עס האָט דער אַלטער דאָן געברײַעט:
— ס'איז ארץ־ישׂראל אַ הייליק לאַנד,
דאָרט האָט אַמאָל געלעבט ישעיה,
געקעמפּט מיט רשעות פֿון טיראַן.
דאָרט האָבן ליכטיקע נבֿיאים
געוואַרט אויף ביאת־המשיח.

דאָרט האָט דאָס האַרטע פֿאָלק פֿון ביבל
מיט גאָט מיט בייזן זיך געקריגט,
האָט ער אויף אייביק זיי פֿאַרטריבן
אין גלות זוכן זייער גליק.
צוויי טויזנט יאָר, פֿאַרווירטע, דולע,
געפּייניקט זיי דורך מאָרד און בלוט,
פֿאַרשפּראָכן ברענגען זיי גאולה,
ווען ס'וועט צו שאַרף ווערן די רוט.
ר'געדענקט דעם פּלאַטער און דעם צאַפּל
פֿון יעדער ביבלישער געשטאַלט.
נאָר איצט, ווען ס'האָט זײַן טרוים געמפּילט,
וואָס גרייט אין לאַנד אים דער שיקזאַל?
זאָל זײַן, עס וועלן אַרבן יידן
דאָס לאַנד פֿון ליכטיקן תּנך —
ווי וועט ער קאָנען שרײַבן לידער
אין אָבות־לאַנד אויף פּושקינס שפּראַך?

## תל־אָביב

### סוף פֿון דער אָדיסיי

געווען איז דאָס כ"ז כּסלו,
ב' חנוכּה פֿון ה'תּר"פּ,
ווען ס'האָט „רוסלאַן" בײַ סקאַלעס ליסע
פֿאַרענדיקט לאַנגע אָדיסיי.
דרײַ טעג און נעכט האָט ווילד געשטורעמט
אַ חיה־רעה — מיטל־ים,
געכוואַליעט טורעם אויף אַ טורעם,
געבערגלט שוימיק קאַם אויף קאַם.

דרײַ מײַל געשטאַנען מ׳איז פֿון האַפֿן
דרײַ כמורנע, אומעטיקע טעג.
פֿון ווײַטנס האָט געמאַניעט יפֿו
מיט ברוינע הײַזער אויפֿן ברעג.
און איבער יפֿור גרויען הימל
קוים מערקן קאָן מען דורך שפּאַקטיוו:
אויף לינקס — אַ רויִק שטעטל דרימלט
מיט ווײַסע הײַזער — תּל־אָבֿיבֿ.
דער פֿעטער איציק רעדט צו יאָסלען:
— דו ווייסט, מײַן זון, עס זעט מיר אויס
די כּלה שעמט זיך מיטן חתן
און לאָזט אים נישט אַרײַן אין הויז...
דער עולם שמייכלט. נאָר עס רופֿעט:
אַזוינס האָט קיינער נישט דערוואַרט.
עס סודעט גרופּע זיך מיט גרופּע,
און אויגן גלאָצן — פֿול מיט צער.
דער נעפּל איבער כוואַליעס פּויזעט,
דער עולם איבער דעקן שפּרײַזט.
אַראַבער אין צעשפּרייטע הויזן
אין קליינע שיפֿלעך פֿירן שפּײַז.

## דער ריח פֿון אייגן לאַנד

אויף פֿערטן טאָג אַרויסגעשווומען
די זון איז פֿון איר פֿוטערפֿאַס:
ס׳פֿאַרשווינדט פֿון פּנימער דער אומעט,
אין הערצער — יובל און עקסטאַז.
אין האַפֿן איז אַ סומאַטאָכע:
פֿון גאַנצן ארץ איז מען דאָ —
די עולים געבן ערשטע ברכה:

זאָל אַלץ זײַן אין אַ גוטער שעה!
אַ קלייניקייט, זעקס הונדערט ייִדן,
די ערשטע עולים נאָכן קריג!
מען קושט, מען האַלדזט זיך ווי די ברידער,
און אַ קאַפּעליע שפּילט מוזיק.
דער ערשטער דאָ באַגריסט די עולים
אַ הויכער ייִד. אין אויגן — גלי.
מען קוקט, מען שטוינט — ס׳איז מענדל בייליס:
— שלום חבֿרים, זיעמליאַקי[54]!
די קינדער שיילן פּאָמעראַנצן,
ווי דיניעס קײַלעכדיק און גרויס.
און יונג און אַלט אויף גאַסן טאַנצן:
— ס׳האָט גאָט פֿון גלות אונדז דערלייזט!
עס שמעקט מיט בשׂמים און מיט האָניק,
מיט ריח פֿון אַן אייגן לאַנד.
דער פֿעטער שעפּטשעט: — שהחיינו... —
און קושט די זיסע ערד פֿון כּנען.

## דער קבלת־פּנים

דער עולם, ווי געשמידט אין טראַנסן,
וואַרפֿט לעצטן בליק אויף אַלטער שיף.
מען פֿאָרט אין קליינע דיליזשאַנסן
אין ייִדנשטאָט קיין תּל־אָבֿיבֿ.
עס ציט זיך לאַנג צווישן פּרדסים
דער וועג פֿון יפֿו, אָן אַ סוף.
ס׳באַגעגנט זיי מיט גרוס מיט הייסן
דער בירגער־מײַסטער דיזנגאָף.

---

[54] לאַנדסלײַט.

און פֿון בית־עם און ביז הרצליה
מע פֿירט די עולים אין פּאַראַד:
עס שמעקט מיט ביאַת המשיח
און מיט מאַראַנצן־אַראָמאַט.
פֿוןביידע זײַטן — רחובֿ הרצל
די תּושבֿים שטייען אויסגעשטעלט:
אין אויגן — פֿרייד, און פֿרייד — אין הערצער,
עס שמייכלט גאַניק, טיר און שוועל.

## די ערשטע נאַכט

די ערשטע נאַכט איז מען געשלאָפֿן
אויף בענק און טישן פֿון בית־עם,
ווי ס'פֿלעגן שלאָפֿן די נשׂרפֿים,
אַנטרונענע פֿון פֿײַערפֿלאַם.
מ'האָט אויסגעלייגט זיך אין אַ ריי:
און ר' יחיאל — צווישן זיי.
אַ פּאָר משפּחות פֿון וותיקים
אַרויסגעוויזן האָבן גנאָד:
אַרײַנגענומען ווען בשתיקה,
באַלייגט אויף גאַניק צי אין באָד.
די מענער — אויף דרײַ האַרטע טישן,
די פֿרויען — אויף מאַטראַצן דרײַ.
דער פֿעטער האָט געכראָמשקעט קנישעס,
געמורמלט: — עם ישׂראל חי!

זיך אויסגערוט, זיך אויסגעשלאָפֿן,
דעם טשאַד אַרויסגעיאָגט פֿון קאָפּ,
די עולים שפּאַנען, פֿול מיט האָפֿן,

מען קויפט זיך איין אַ גאַרדעראָב.
דער פעטער קויפט אַ נייעם סערדעט [55],
אַ פּאָר מיט קורצע שפּיצן שיך.
ער פּוצט זיך אויס און שפּאַנט מיט ווערדע
און ס׳שיינט פון נחת זיין געזיכט.
און ליאָווקאַ אויף אַראַבער־מאַרקן
מציאות זוכט אַ גאַנצן טאָג:
ער קויפט אַ בלויע מאַרינאַרקע,
אַ רעגן־מאַנטל און אַ שטאָק.
ער האָט אויך אויסגעפּוצט זיין מאַניאַן
אין נייעם, באַרכאַטנעם זשאַקעט,
געקויפט אַ פּעניואַר און סטאַניק
און שטילערהייט אויך אַ קאָרסעט.
און יאַנקאַ טראָגט די אַלטע הויזן
און דעם צעריסענעם שינעל,
כאָטש ס׳איז דער פעטער אויף אים גוזר:
אויף קליידער לייען ביי אים געלט.

און ליוליק טראָגט דעם פרענטש [56] דעם בלויען,
די גרויע הויזן גאַליפע [57],
און שעהען לאַנג ער זיצט פאַרטרויערט
ביים טעפּל קאַווע אין קאַפע.
און שפּעטער ווערט ער גאָר אַנטרונען —
און בראָדזשעט־אום, פאַרחושט, צעתמט,
איבער די געלע זאַמדן־דיונען [58] —
פון דעם הרצליה ביזן ים.
ער קוקט־אַרום מיט פלאַם אין אויגן:

---

[55] רעקל. — [56] פראַק. — [57] אויבן ברייט, אונטן שמאָל, פאַר קאַוואַלע־ריסטן. — [58] בערגלעך זאַמד אין מדבר.

— איז דאָס דאָס אויסגעטרוימטע לאַנד?
וואָס טוט ער דאָ, אַ פֿרעמדער פֿויגל,
אין לאַנד אין אייגענעם כּנען?

## אַ תּכלית

אַוועק אַ וואָך, אַוועק אַ צווייטע:
דער עולם קוקט זיך שנעל אַרום,
מען רײַסט זיך אָפּ פֿון לעצטע צויטן,
וואָס בינדן נאָך מיט ווײַסן „תּחום״.
ס׳איז יאָסל טאָקער דאָ, ווי שטענדיק,
מיט הייסן וואָרט און רוף צו טאָט.
ער שמײַעט אום און פֿירט די גרענדע[59],
אויף אַלץ ער האָט אַ קלאָרן פּשט:
— ס׳האָט קיינער נישט קיין רײַכע נחלות
נישט צוגעגרייט פֿאַר אונדז... בכן,
איז צײַט אַ טראַכט צו טאָן פֿון תּכלית,
אין אַרבעט אײַנשפּאַנען די הענט.
אויב וועלר עס וויל פֿון אונדז דאָ, ברידער,
דעם לאַנד באמת ברענגען נוץ,
פֿאַראַן איין וועג בלויז, ליבע ייִדן,
אַ נײַעם גרינדן דאָ קיבוץ.

— צוויי טויזנט יאָר שוין וואַרט דער עמק,
אַז ייִדן זאָלן קומען צוריק,
ווו סוחרים, לופֿטמענטשן און קרעמערס
געפֿינען וועלן זייער גליק.
האָב איך באַקומען אַ סובסידיע
אין פּאַלעסטינער אַגענטור —

---

[59] קאָמאַנדע.

צו שאַפן פאַר „רוסלאַנער" ייִדן
אַ זעקס־חדשימדיקן קורס:
צו ערשט מיר דאַרפן זיך דאָ לערנען,
נישט זייען אויפן ווינט קיין קערנער.

## אויף די קורסן

אויף קורסן האָבן זיך פאַרשריבן
אַ פערציק ייִדן פון „רוסלאַן":
מיט פלייס, התמדה און מיט ליבע
מ'האָט זיך אַ נעם געטאָן צום לאַנד.
געבראַכט „רוסלאַן" האָט פילאָלאָגן,
דאָקטוירים פון פילאָסאָפיע,
בני־תורה, גאונים און מופלגים,
נאָר ווייניק הענט, געוווינט צו מי.
באַזונדערס איז געווען אַ דוחק
אין טעכניקערס... און שווער, ווי שווער:
אַ קרעמער, עילוי צי אַ סוחר
פאַרוואַנדלען אין אַן אינזשעניער.
אין דעם געווען איז יאָסל טאָקער,
נאָך פון אָדעסער שול „טרוד",
אַ ספּעציאַליסט, אַ גרויסער בקי —
האָט ער פאַרבונדן זיך מיט „גדוד"[60]
און בליומע האָט דאָס קינד געלאָזן
ביי קרובים אין נווה־שלום,
גענומען זיך צו ביימער, גראָזן,
זיך לערנען אויף אַן אַגראָנאָם.
דער פעטער האָט דאָך אַ ידיעה

---

[60] אַרבעטער־אָרגאַניזאַציע, איידער די הסתדרות איז געשאַפן געוואָרן.

אין הלכות מילכיקס, פֿון אָדעס,
האָט מען באַשטימט אים פֿאַר מגיה
אויף מילך און סמעטענע און קעז.
און ליאָווקאַ פֿײַער, דער נאַליאָטשיק [61],
דער בקי אין רעוואָלווער־קנאַל,
געוואָרן איז דאָ אַ „ראַבאָטשי" [62],
זיך לערנט רייניקן אַ שטאַל.
און מאַניאַ מיט די האָר וואָס ברענען
אויף שטערן מיט געקנייטשטער הויט:
— כ'וויל, ליאָווקאַ, ווערן אַ גננת! —
באַשלאָסן האָט די ספריטנע מויד.

און אַלבערט שוואַם, דער הויכער יעקע,
וואָס שטומפּיק איז אויף ייִדיש וואָרט,
ער לערנט זיך צו זײַן אַ בעקער
און באַקן קנישעס, ברויט און טאָרט.
דער גיבור פּייסי שמאַטעלײַניק
באַקומען האָט אַ רעוואָלווער,
אַוועקגעוואָרפֿן שוין דעם טשײַניק
און גרייט זיך ווערן אַ שומר.
און בלויז דער שבת־גוי, מאַכאָרקין,
איז נישט אַרײַן אין קאָלעקטיוו,
נאָר מיט אַ טענצערקע־פּאַרטניאָרקע
פֿאַרבליבן איז אין תּל־אָבֿיבֿ.
און די חבֿרים יאַנקאָ, ליוליק
באַשלאָסן האָבן זאַלבענאַנד:
דערווײַל מעקבֿ זײַן די גאולה
און פֿאָרן אויסקוקן דאָס לאַנד...

---

[61] באַנדיט. — [62] אַרבעטערס.

## דער טאָג פֿון גבֿורה אין תל־חי

געשען איז דאָס דרײַ טעג פֿאַר פּורים,
געווען ז'דער הימל שווער, ווי בלײַ.
פֿאַרצייכנט איז ווי טאָג פֿון גבֿורה
דער טאָג דער פֿינצטערער — תל־חי.
אין צפֿון פֿון די זומפּן חולהער,
ווו ס'קאָן נישט גרייכן קאַראַוואַן,
געגעסטלט האָט זיך ס'דאָרף מתולה,
דער לעצטער גרענעצפּאָסט פֿון לאַנד.
דערבײַ — צוויי דערפֿלעך, ווי גאַזעלן,
מיט שטיבלעך אָפּגעקאַלכט און נײַ:
נפֿשות פֿופֿציק אין אַילת,
נפֿשות דרײַסיק אין תל־חי.
און צווישן זיי — אַ מאַן, אַ גיבור,
דער בראַווסטער פֿון „געבענטשטן דור“,
אויף דורי־דורות איז פֿאַרשריבן
זײַן נאָמען: יוסף טרומפּלדאָר.
אַ מאַן — אַ דעמב און אַן איש־חייל,
אין שלאַכט פֿאַרלוירן לינקע האַנט,
באַשלאָסן האָט, אַז מיט כלי־זיין
מען מוז דעראָבערן דאָס לאַנד.
עס זײַנען ווילדע בעדווינער
באַפֿאַלן די ישובֿים דרײַ
און ס'איז אין פֿינצטערן באַגינען
דער העלד געפֿאַלן אין תל־חי.
מיט אים — געטרײַע זעקס חבֿרים
פֿאַרצוקט האָט שונא ווי אַ וואָלף,
און ס'האָט דאָס בלוט פֿון די גיבורים
געהייליקט ס'נײַע ארץ־ישׂראל.

## דער פּאָגראָם אין ירושלים

אין „אַלטער שטאָט" ירושלים
די הײַזער הויערן ווי בעק.
אויף דעכער רוט דער שם־הוויה
און היט זײַן שטיינערנעם פּאַרמעג.
די פסח־זון — אין אַרבע־כּוסות —
גיסט ווײַן ווי גאָלד אויף שטיין און דאַך.
פון יפו־שער ביז הר־הזיתים
אינדוסן שטייען אויף דער וואַך.
עס ליפּעט זיך די שטוקאַטורקע [63]
פון הײַזער, לאַנג שוין נישט געקאַלכט.
מיט באַיאָנעטן פון די „גורקיס" [64]
פאַרשײַט זיך שפּילט אַ פרילינגשטראַל.
די „אַלטע שטאָט" איז אָפּגעשלאָסן
און שטייט פאַרפּראָפּקעט ווי אַ פלאַש.
ס'דערהערן זיך אַ צוויי־דרײַ שאָסן —
און ס'גליווערט ס'בלוט פון איבערראַש.
מיט מעסערס, שווערדן, יאַטאַגאַנען
אַראַבער פאָכען אין עקסטאַז:
— כאַביבי, על דאָולע מאַנ'אַנאַ [65]!
און קוילען ייִדן אויף דער גאַס.
די זון אויף דעכער אַ צעבליטע:
„אַ זון, אַ פרילינג און אַ שחיטה!" [66]...
דורך יפור טויער אין בהלה
פאַרצווייפלט רײַסט זיך „הגנה":

---

[63] עס שיילט זיך דער טינק, די „הויט" פון די געפּאַרבטע ווענט. — [64] אינ־דישע סאָלדאַטן. — [65] טײַערער, די רעגירונג איז מיט אונדז. — [66] פון חיים־נחמן ביאַליקס פּאָעמע אין שחיטה־שטאָט (1903, נאָכן קישעניעווער פּאָגראָם).

די יונגען טראָגן אונטער פּאָלעס
אַ שפּײַער צי אַ האַנטגראַנאַט.
פֿאַרשטעלן גורקיס באַיאָנעטן
דעם וועג זיי צו דער אַלטער שטאָט.
די זעלנערס רײַצן זיך און שפּעטן:
— אָן אײַך מ׳עט צוימען דעם ראַיאָט! —
די יונגען לויפֿן, ווי פֿאַרסמטע,
פֿון שער צו שער — און אומעטום
די מיליטער־לײַט און באַאַמטע
באַגעגנען זיי שטום און שטאַר.
אַראַבער אין דער שטאָט דער אַלטער
דערמאָרדעט האָבן ייִדן זעקס,
צוויי מיידלעך ייִדישע פֿאַרגוואַלטיקט,
צעפּלינדערט ס׳ייִדישע פֿאַרמעג.
ווען ר׳האָט דעם צווייטן טאָג פֿון פּסח
דערהערט דאָס גרוילנוואָרט „פּאָגראָם“,
געוואָרן יאַנקאָ ז׳אויפֿגעטרייסלט,
דערזען פֿאַר זיך אַ שוואַרצן תּהום.
דערזען האָט ער פֿאַר זיך זײַן דינהן,
איר שטוב, צעפּלינדערט אין הײַסין,
דעם פֿעטער שײַע, וואָס וואָלינעץ
געקוילעט האָט אין פֿריבאַגין.
האָט אויסגעזוכט ער אַ סוטאַנע [67],
אַ שוואַרצן בגד פֿון מאָנאַך,
און זיך געלאָזט פּאַמעלעך שפּאַנען
מיט שטייניק שיפּועדיקן שליאַך.

האָט ער זיך מיט אַ הינטער־געסל
אַוועקגעלאָזט צו׳ר אַלטער שטאָט,

---

[67] גלחיש לאַנג קלייד.

דערנענטערט זיך צום שער־דמשׂק
מיט פֿרום־מיושבֿדיקן טראָט.
אין הויף האָט יאַנקאָ נעבן טויער,
אין לאַנגן בגד פֿון מאָנאַך,
אַרײַנגעשושקעט וואָס אין אויער
דעם קאָמאַנדיר פֿון „הגנה".
אַ רגע־צוויי — און מ׳האָט פֿאַרשטאַנען
דעם בראַוון יאַנקאָס קלוגן מיין:
באַהאַנגען אונטער דער סוטאַנע
מיט האַנטגראַנאַטן דעם פֿאַרשוין.

מיט צלם אויף דער שוואַרצער בורקע
געשפּאַנט האָט יאַנקאָ מיט „גאָטס גנאָד"
און ס׳האָבן אים די פֿרומע „גורקיס"
אַרײַנגעלאָזט אין אַלטער שטאָט.
אַ טייל געווער האָט ער געגעבן
דער חבֿרה פֿון געהיימען ראָט
און מיט הנאה, פֿרייד און ליבע
געקושט איעדן האַנטגראַנאַט.
געשטאַנען איז פֿאַר אים זײַן טאַטע
און דינהס פּנים — פֿאַר זײַן אויג,
און ס׳האָבן יאַנקאָס זעקס גראַנאַטן
אַראָבער צוועלף אַוועקגעלייגט.
ווען מ׳האָט גענומען די קרבנות
צו ציילן — איז געוואָרן קלאָר:
דער ישובֿ צאָלן מיט עקשנות
פֿאַר יעדן קרבן וועט פֿון מאָרד.

ווען ס׳האָט זיך אײַנגעשטילט דאָס פֿײַער
אין אַלטער שטאָט, אויף דריטן טאָג,
די מאַכט האָט אין ירושלים

געגומען זוכן קרבן־באָק.
און מ׳האָט דערמאָנט זיך אין די יאָטן
פֿון „הגנה״, מיט הערצערפּלאָם,
מיט רעוואָלווערן און גראַנאַטן,
וואָס מ׳האָט די וועגן זיי פֿאַרצאַמט.
ז׳די מאַכט אַוועק קיין רוקיה
און נײַנצן חבֿרה אַרעסטירט,
געכאַפּט די „אַנשי לוחמי ציון״
מיט זשאַבאָטינסקי — קאָמאַנדיר.
געווען איז דאָס י״ט אין ניסן,
ווען מ׳האָט זיי אַלעמען פֿאַרשפּאַרט
אין שימל פֿון דער קישלה־תּפֿיסה,
ווו ס׳האָט אַ פּסק אויף זיי געוואַרט.
געווען ז׳דער משפּט אַ ספּעקטאַקל,
אַ וויסטער חלום אויף דער וואָר:
מ׳האָט זיי פֿאַרשיקט אין פֿעסטונג עכּו
אויף פּופֿצן קײַלעכדיקע יאָר.
געלייענט ליוליק, אַ פֿאַרווירטער,
האָט דעם אַכזריותדיקן פּסק:
צעווישן צוואַנציק אַרעסטירטע —
זײַן חבֿר יאַנקאָ פּאַסטערנאַק.

## אין דעליריום

דער טאָג, ווען מ׳האָט זײַן חבֿר יאַנקאָן
אין עכּו־פֿעסטונג אָפּגעשיקט,
געלעגן ליוליק איז אַ קראַנקער
צו בעט מיט פֿיבערדיקן בליק.
ער טראַכט: — זאָל זײַן, עס איז מאַלאַריע,
וואָס איך האָב ערגעץ ווו געכאַפּט?

ער קוקט אין שפּיגל אויף זײַן מראה —
און ס׳האַרץ פֿון וויי און אומעט קלאַפּט.
ער ליגט צוויי טעג ווי אין דעלירױם,
אין צימער איינינקער אַליין.
עס וועקן טענער זיך פֿון לירע,
ער זעט אַ פֿינצטערן חזון:
עס טאַנצן באַלקנס, ווענט אַ האַראַ,
און ס׳בעטל וויגט זיך אין קאַנקאַן,
עס שוועבט דער אַלמער מיט די ספֿרים
דורך פֿענצטער פֿינצטערן אין וואַן.
עס גיט אַ הייב פֿון דיל זיך ס׳בענקל
און הענגען בלײַבט אין מיטן שטוב:
אויף בענקל זיצט אַ רויטער הענקער
מיט בלאָנדן, קרײַזלדיקן טשוב.
און יאַנקאַ הענגט פֿון טשוואַק אַרונטער
מיט בלאַסער אויסגעשטרעקטער צונג,
און אויף זײַן פּנים פֿלאַקערט צונטער
דער לעצטער שטראַל פֿון שקיעה־זון.

*

ער ליגט אין פֿיבער און אין שווייסן
און זעט דורך פֿענצטער באַרג און טאָל:
פֿון ווײַטנס בליאַסקעט הר־הזיתים
מיט צלמים אין צעגליטן גאָלד.
דורך שמאָלער גאַס, בײַם יפֿור טויער,
אַראָפּ שפּאַצירן מיט די טרעפּ
צוויי נאָנעס, ווי צוויי שוואַרצע קראָען,
מיט ווײַסע טשיפּקעס אויף די קעפּ.
דער ווייטיק ברעכט אין אַלע קנאָכן,
אין פּײַן די אויגן ער פֿאַרמאַכט

און הערט, ווי ס'וואָלט די מוטער רחל
געוויינט אין חלל פֿון דער נאַכט.
עס ליגט זײַן לעבן פֿאַר אים נאַקעט,
אַן אויסגעקאָרטשעטער באַשטאַן[68].
ציט ליוליק אונטער אַ סך־הכּל
פֿון פּופּצן וואָכן דאָ אין לאַנד:
אויך דאָ — פּאָגראָם און תּפֿיסה־שטאַבעס,
אויך דאָ דאַרף יאַנקאָ פּאַסטערנאַק
זיך שיצן קעגן די אַראַבער,
ווי דאָרטן — קעגן הײַדאַמאַק!
אויף דריטן טאָג — פֿון פּײַן און וואַנען
איז ער געלעגן אָפּגעשוואַכט.
געקומען איז שחורס שושנה
באַזוכן ליוליקן פֿאַר נאַכט.
דערזען זײַן צושטאַנד, האָט זי קודם
געבראַכט אים משקה און כינין,
אַ ביסל צוגערוימט דאָס חדר,
לעם אים פֿאַרבליבן ביז באַגין.
האָט ער געזופּט כינין און וויסקי,
אין בעט געלעגן נאָך דרײַ טעג.
סוף וואָך גענומען די וואַליזקע —
און איז קיין תּל־אָבֿיבֿ אַוועק.

---

[68] געוויקס.

# ליוליק און דינה

## אַ שפּור צו דינהן

אין תּל־אָבֿיבֿ אַוועק איז ליוליק
צום פֿעטער איציק אויף קוואַרטיר:
— „דו זעסט מיר, ליוליק, אויס מכולה[69] —
וואָס האָט מען דאָרט צעטאָן מיט דיר?
מיר אַלע זײַנען דאָ געטראָפֿן
פֿון יאַנקאָס מעשׂים און אַרעסט.
איך האָב אויף אים געלייגט נאָך האָפֿ׳נונג,
ווען כ׳האָב דערזען אים אין אָדעס.
עס נייטיקט ס׳לאַנד זיך אין גיבורים —
און יאַנקאָ איז אַ וואָרער העלד.
אין הענט אַזוינע ליגט דער גורל
צו בויען דאָ אַ נײַע וועלט״. —

דער פֿעטער מערקט נישט ליוליקס ספֿקות.
ער קוקט אויף אים מיט מילדן בליק:
— „עס הייבט זיך אָן ערשט די מחלוקת,
דער זיג וועט אונדזער זײַן, דער זיג!
דו מיינסט, מען שווײַגט? אין שטעט, אין קבֿוצות
איז אויפֿגעשטורעמט ס׳גאַנצע לאַנד.
פּראָטעסטן קומען פֿון די תּפֿוצות:
„באַפֿרײַט די העלדן פֿון געפֿאַנג!״
אַ שאָד: דער אַלטער ר׳ יחיאל
איז קראַנק פֿון וויטיק, גרוי ווי לון[70].
— כ׳וויל האָבן — זאָגט ער — נאָך די זכיה
צו׳ר חופּה פֿירן דאָ מײַן זון.

---

[69] אויס מענטש, אַ „פֿאַרענדיקטער״. — [70] אַ גרוב (?).

דו רו זיך אויס אויף בעטל שמאָלן,
מיר וועלן גיין צו אים כּעלות:
ער האַלט זיך אויף אין נווה־שלום,
אין אַלטער סאַדיגורער קלויז.

*

דער אַלטער איז בײַם הויכן שטענדער
געזעסן, אין אַ „שיעור" פֿאַרטיפֿט,
ווי ס'וואָלט הוסינער קלויז געווען דאָ,
און נישט בײַם ברעג פֿון תּל־אָבֿיבֿ.
ס'האָט ליוליק אים דערציילט באַריכות
די העלדישקייט פֿון בראַוון יונג.
געטרייסט דעם אַלטן: — ס'איז אַ יחוס,
פֿאַר וואָר, צו האָבן אַזאַ זון!
דער אַלטער הערט־אויס ליוליקס שבֿחים
און שאָקלט מיט דער סיווער באָרד:
— כ'האָב נישט געזען שוין פּופּצן וואָכן
מײַן זון, מײַן יעקבֿן, מײַן בכור.
אין פּסוק שטייט: אַנטקעגן מלכות
מען טאָר נישט אויפֿהייבן קיין האַנט.
אַנישט — וועט קריגן שווערע מלקות
דער מורד קעגן דעם טיראַן.
נאָר יעקבֿ האָט זיך נישט דערצויגן
בײַ מיר אין שטוב, נאָר אין דער פֿרעמד,
און איצט, אַז ער איז אונדזער מגין,
מסתּם איז דאָס פֿון אַדושם!
ער שווײַגט אַ ווײַל און שלינגט די סלינע:
— כּי שומר בורא כּל יצור...
פֿון מײַן פּלימעניצע, פֿון דינהן,
האָב איך געפֿונען שוין אַ שפּור.

זי אַרבעט איצט ווי קראַנקן־שוועסטער
אין חיפהער ייִדישן שפּיטאָל,
אַ שפּאַן בלויז פֿון דער עבֿור פֿעסטונג...
געלויבט דער גאָט איז פֿון ישׂראל!

## אַן איבערבלײַב פֿון דור־הפּלגה

אַוועק אַ טאָג, אַוועק אַ צווייטער —
און ליוליק וווינט אין תּל־אָבֿיבֿ.
ער שווײַגט ווי אַ געפּלאַצטע פּליטע,
וואָס האָט פֿאַרלוירן איר מאָטיוו.
ס׳דערציילט דער פֿעטער אים: — די קורסן
וועט באַלד פֿאַרענדיקן דער „סקלאַד".
ס׳האָט יאָסל טאַקער שוין רעסורסן
באַקומען אין דעם הערכסטן וועד.
און ס׳קלײַבט זיך עולם גאָר אין גיכן
אין עמק גרינדן אַ קיבוץ,
וואָס קעגן שׂונאישע רציחות
זאָל זײַן אַ נײַער פֿאַסט און שוץ.
עס האָט דער היגער וועד־עליה
אַ נאָמען אונדז רעקאָמענדירט:
מ׳וויל רופֿן אים קיבוץ אוריה,
און שוין באַשטימט פֿאַר אים אַ ווירט.
און דו — מאַגיסטער פֿילאָלאָגיע,
דו דרייסט זיך אום דאָ שלינג־און־שלאַנג,
אַן איבערבלײַב פֿון דור־הפּלגה,
פֿון בבֿל־טורעם — לעצטער שטאַנג.
— דאָ ז׳יעדער שטיין אונדז ליב און טײַער,
און דו? דו ביסט ווי אין אַ טראַנס,

און האַלטסט זיך „נאַשאַ כאַטאַ ס׳קראַיו״ [71],
אַ סקריפּענדיקער דיסאָנאַנס.
און ליוליק ענטפֿערט קורץ דעם פֿעטער
און קנייטשט די ליפּן אין אַ שמוך:
— ביז איר וועט שאַפֿן נײַע געטאָ,
איך פֿאָר צו יאַנקאָן אויף באַזוך.

## אויף אַ באַזוך בײַ יאַנקאָן

צום טאַקט פֿון קלאַפּנדיקע שינעס
טראַכט ליוליק אין אַ ספֿק־פּענט:
צי זאָל ער גלײַך זיך זען מיט דינהן,
צי פֿריִער פֿאָרן יאַנקאָן זען?
אין חיפֿה האָט ער גלײַך באַשלאָסן:
ס׳קאָן דינה וואַרטן נאָך אַ ווײַל.
געקויפֿט פֿינף שאַכטלעך פּאַפּיראָסן,
אַוועק קיין עכּו אין געאײַל.
געשטאַנען ז׳ליוליק לאַנג אין שורה,
געוואַרט אַ שעה און נאָך אַ שעה,
געוואָלט וואָס גיכער שוין די בשׂורה
אים אָנזאָגן, אַז דינה ז׳דאָ.
און זיך דערוואַרט: מען פֿירט גיבורים.
די קרובֿים שטייען אין געדרענג.
מען שווײַגט אַ ווײַל — און צוויי חבֿרים
מיט פֿרייד דערלאַנגען זיך די הענט.
ס׳קוקט ליוליק אויף זײַן חבֿר יאַנקאָ,
אויף הויכן שטערן און געניק:

[71] (אידיאָם) „אונדזער שטוב איז אין אַ זײַט״ (אונדז גייט דאָס נישט אָן).

אַזוי פֿיל רו אין אבֿרים שלאַנקע,
אין שטאָלצן, אָדלערישן בליק.
ס'דערציילט אים ליוליק אַלע פּרטים
פֿון נײַעם ישובֿ, וואָס מען פּלאַנט:
— איך האָב די טעג געזען דײַן פֿאָטער,
ער האַלט, דו ביסט אַ בראַווער מאַן!
ער נעמט אים אָן מיט האַנט, מיט פֿעסטער,
און ס'גיט אַ קוילער זיך זײַן שטים:
— עס אַרבעט דינה דאָ ווי שוועסטער
אין חיפֿהער נײַעם בית־חולים.
ס'נעמט יאַנקאָן האַמערן אין שלייפֿן,
ווי פּײַקלעך פֿון אַ באַראַבאַן:
— מײַן גאָט! ס'איז דינה... דאָ... אין חיפֿה...
אַ קורצע שטרעקע בלויז פֿון דאַן...
ער קומט צו זיך פֿון טראַנס, פֿון דולן:
— נו, זאָג אַליין — ס'איז דאָך אַ נס!
איז בעט איך דיך, מײַן חבֿר ליוליק,
יאָק באַך טיע מיל[72]... און נישט פֿאַרגעס!
אין פֿיבער יאַנקאָס אויגן בליצן
און ס'פֿליסן רייד ווי אין דעליר:
— דו זוך זי אויס אין דער באָלניצע[73]
און לאָז איר גריסן דאָרט פֿון מיר...

## ליוליק באַגעגנט דינהן

די שקיעה פֿלאַקערט ווי אַ זשאַרמיל[74]
אויף שפּיץ פֿון ידישן אַלימפּ.
אין מיטן פֿון דעם הר־הכּרמל —

---

[72] ווי גאָט איז דיר ליב! — [73] שפּיטאָל. — [74] אַ „מיל" פֿון פֿײַער.

אַ ווײַסער בנין: „בית־חולים״.
ס׳בלײַבט ליוליק שטיין אין קאָרידאָרן,
וווּ ס׳שמעקט מיט כלאָראָפאָרם און יאָד,
ער שטייט אַ ווײַל, פאַרווירט, פאַרלאָרן,
ווי ר׳וואָלט געזוכט בײַ וועמען גנאָד.
אַ מיידל אין אַ ווײַסן טשיפּיק
דעם פרעמדן נײַגעריק באַטראַכט.
זי גיט אַ שמוצער מיט די ליפּן:
— מה יש? — זי פרעגט אים מיט פאַרדאַכט.
ער קוקט זי אָן, אין טראַנס געפּענטעט,
און שטאַמלט־אויס ווי אַ פּינטאַק[75]:
— איך בין אַהער געקומען זען דאָ
די שוועסטער דינה פאַסטערנאַק.
דאָס מיידל קוקט מיט שמייכל קרומען
און צווישן ציין זי גיט אַ ציש:
— די שוועסטער דינה? ז׳איצט פאַרנומען,
זי איז בײַם אָפּעראַציע־טיש.
אויף באַנק, אויף הילצערנער, זיצט ליוליק,
די הענט אין קעשענעס, און וואַרט,
ער קוקט מיט אויגן צערפּולע,
ווי ס׳לעשט די זון זיך אויפן באַרג.
ער טראַכט: — ווער איז זי, אָט די דינה?
און פּלוצעם ווערט ער שטאַרק נערוועז:
— זי איז דאָך ראַיאַס אַ פרײַנדינע,
אַוועק צוזאַמען פון אַדעס.
ער הייבט זיך אויף און וויל אַנטרינען,
ער לאָזט זיך שפּאַנען צו דער טיר,
און מיט אַ מאָל: — מיך רופט מען דינה.

---

[75] געבונד׳ענער (?)

איך האָב געהערט, איר פֿרעגט אויף מיר...
זי שטייט אין בלויער אוניפֿאָרמע
מיט ווײַסן טשיפּיק אויפֿן קאָפּ.
דער שאַרפֿער ג׳רוך פֿון כלאָראָפֿאָרמע
נאָך שמעקט פֿון אירע הענט אַראָפּ.
די אויגן טיף און גרוי פֿאַרנעפּלט
מיט אָפּשײַן פֿון פֿאַרגליווערט שטאָל,
אַ זכר פֿון אוקראַיִנער סטעפּעס,
באַזוימט מיט קוויטעלעך פֿון גאָלד.
קאַפּריזנע ליפּן, שטײַף פֿאַרשטשעמעט.
און ס׳ווייט מיט פֿרייד, געמישט מיט גרויל:
דער פֿײַלנבליץ פֿון אירע ברעמען,
דער רויטער אויפֿשניט פֿון איר מויל.
פֿון אייביק אָן דער סוד פֿון מינים
איז ווי די האַרבסטע שלאַכט אין קריג.
אַ רגע בלויז האָט בליק פֿון דינהן
זיך אָפּגעשפּיגלט אין זײַן בליק.
און ס׳האָבן צווי פּאָר טיפֿע אויגן
אין האַרצן זיך אַרײַנגעקוקט...
אַ רגע בלויז — אַ פֿײַל פֿון בויגן:
אַ בליק, אַ צוק — און אַ פֿאַרצוק...

*

געכאַפּט האָט ליוליק זיך דער ערשטער
און העפֿלעך, מעשׂה קאַוואַליער,
אין שטומער רגע, אין דער שווערסטער,
פֿלינק אײַנגעבראָכן דעם באַריער:
— איך האָב געבראַכט אַ גרוס אײַך, דינה,
פֿון פֿעטער ׳חיאל פֿאַסטערנאַק,
נישט לאַנג פֿאַרלאָזן האָט הײַסין ער,

אַ קרבן פֿון דעם היידאַמאַק.
ער איז אַנטרונען פֿון בהלה
מיט מיר צוזאַמען אויף „רוסלאַן“,
איצט וווינט ער דאָ אין נוה־שלום,
ער איז אַן אַלטער, פֿרומער מאַן.
— מיט אים צוזאַמען, גאָט צו דאַנקען,
האָט זיך געראַטעוועט אַהער
זײַן זון, זײַן אײניקער, זײַן יאַנקאָ,
אַ חבֿר מײַנער אין געווער.
ער זיצט געפֿאַנגען איצט אין עכּו
צוזאַמען מיט נאָך צוואַנציק מאַן:
ער האָט זעקס היגע היידאַמאַקעס
אָוועקגעלייגט מיט בראַווער האַנט.
די ווערטער שווימען — שווערע ברעטער
אַנטקעגן שטראָם אויף פֿרילינגטײַך:
— דאָס האָט מיך, דינה, ער געבעטן
אין בית־חולים באַזוכן אײַך.
און אײַך דערמאָנען, ליבע דינה...
און ליוליק לאָזט־אַראָפּ דעם בליק:
— אַ זומערטאָג אין וואַלד הײַסינער
מיט איבער זיבן יאָר צוריק...
זי גיט אַ צוק מיט אַקסלען שמאָלע
און ס׳טוט אַ זונג איר וואַרעם קול:
— מײַן גאָט, דאָס קלינגט דאָך ווי אַ חלום,
אַ צויבער־מעשׂה פֿון אַמאָל!
דער וואַלד... און יאַנקאָ, דער ציגײַנער...
דער זומער האַלבטאָג בײַ הײַסין...
און אָט דער יאַנקאָ איז גאָר מײַנער
אַן אייגענער, אַ שוועסטערקינד...
זי קוקט אויף ליוליקן: אין העמדל

ער זעט איר אויס אַן עכטער רוס:
— און איר ווער זײַט, מײַן ליבער פֿרעמדער,
וואָס האָט געבראַכט מיר אַזאַ גרוס?
זײַן פּנים פֿלאַמט — אַ העליש פֿײַער:
— מײַן נאָמען ליוליק איז... געוויס
האָט וועגן מיר דערציילט אײַך ראַיאַ,
וואָס ווײנט אַצינדער אין פּאַריז.
און דינהס בליק — ווי פֿײַל פֿון בויגן:
— „דער דיכטער ליוליק פֿון אָדעס?...
איך קאָן קוים גלייבן מײַנע אויגן —
ס'איז יעדער וואָרט אַ נײַער נס!"
ער שטייט און שווײַגט. די רגעס לויפֿן.
ער גיט אַ שטרעק אירביידע הענט:
— „איך בלײַב אַ צוויי־דרײַ טעג אין חיפֿה,
כ'וואָלט וועלן נאָך אַ מאָל אײַך זען..." —

*

אויף מאָרגן דינה האָט באַקומען
איר פֿרײַען טאָג — האָט זי מיט פֿאַרכט,
מיט ציטערפֿרייד געמישט מיט אומעט,
באַגעגנט ליוליקן בײַם פּאָרט.
פֿון האַפֿן, וווּ סירענעס ליאַרמען
און טרעגערס אײַלן מיט געפּעק,
זיי הייבן זיך אַרויף צום כּרמל
און בלײַבן שטיין אויף ווילדן שטעג.
עס ליגט פֿאַר זיי די אַלטע חיפֿה
מיט קרומע געסלעך, שטויב און מאַרק,
און נײַע שטאָט — מיט פֿרייד און איפֿער
אויף רוקן דראַפּעט זיך פֿון באַרג.
זיי שווײַגן. זינט באַגעגנט דינהן

האָט ליוליק נעכטן אין שפּיטאָל,
ר׳ האָט וועגן ראַיאַן אויסגעפֿינעןֿ
בײַ איר מער פּרטים שטאַרק געוואָלט.
נאָר נישט געוואַגט האָט ער צו פֿרעגן,
די צונג פֿאַרביסן מיט די ציין,
געהאָפֿט, געוואַרט אַיעדע רגע:
זי וועט זיך אָנשטויסן אַליין.
ביז דינה האָט זיך אָנגעשטויסן,
און שטיל אַזוי, כלאַחר־יד,
אַ בליק געטאָן מיט אויגן גרויסע,

— וואָס זאָל איך, ליוליק, לאַנג דאָ ברײַען?
כ׳וועל גלײַך אײַך זאָגן אויפֿן שטעל:
ס׳האָט נאָך אויף שיף געזאָגט מיר ראַיאַ,
אַז ליוליק איז איר גאָט און העלד.
ווי גרויער, שטאָלענער אַגאַט[76]:
זי האָט געקראָגן באַלד חרטה,
וואָס ז׳האָט געהיראַט מיט ד׳אָרסעט,
נאָר ווי אַן אײַפֿערדיקער שׂטן,
געמאַניעט זי האָט דער באַלעט.
ווען ראַיאַ ווייס — זיך רויטלט דינה —
אַז איר זײַט דאָ, אין ארץ־ישׂראל,
וואָלט זי די קרוין פֿון באַלערינע
און גאָר איר רוישיקן דערפֿאָלג
אַוועקגעגעבן פֿאַר אַ שיבוש:
באַלעט, ד׳אָרסעטן און פּאַריז —
און דאָ מיט אײַך, אין קלענסטן שטיבל
זיך אויפֿגעבויט אַ פּאַראַדיז!

---

[76] טײַערער מינעראַל־שטיין.

און ליוליק הערט די ווערטער דינהס,
אויף קראַנקן האַרצן אַ באַלזאַם.
ער זעט, ווי וואָלקנדלעך קאַרמינע [77]
זיך טוקן אין דעם שקיעה־פּלאַם.
ער מערקט נישט, אין זײַן טרוים פֿאַרכריזנעט,
ווי דינה זיצט אויף גרויען שטיין,
און אויף די ליפּן די קאַפּריזנע
שוועבט־אום אַ שאָטן פֿון געוויין.
עס לעשט זיך לעצטער שקיעה־פֿײַער
אויף ליסע שפּיצן פֿון דעם באַרג.
אַראַבער שטומע אין אַבאַיעס [78]
אויף פֿרידות אײַלן זיך פֿון מאַרק.
די שטראַלן גאָלדענע, ווי שלייקעס,
פֿון באַרג זיך ציִען ביזן ים.
עס בערגלט זיך דער שליאַך, צעהויקערט,
ווי קעמלען הויערן אויף זאַמד.
און ס'דוכט זיך ליוליקן: די אָבֿות
אויף פֿרידות פֿאָרן דאָ פֿאַרבײַ.
פֿאַרטיפֿט אין גראָזיקע מחשבֿות,
זיי שווײַגן לאַנג און שווער ווי בלײַ.
די אויגן דינהס מיט אַ רייכל
פֿאַרצויגן, ווי אין וואַלד — אַ זומפּ.
אויף ליוליקס פּנים בליט אַ שמייכל,
און מיט אַ מאָל ער גיט אַ ברום:
— אַ דאַנק פֿאַר גרוס אײַך, ליבע דינה,
איר האָט אַ טעות: אין פּאַריז
מען בײַט נישט קרוין פֿון באַלערינע
אויף שענסטן היגן פּאַראַדיז.

[77] רויטע. — [78] אַראַבישע קליידער.

נישט גרינג איז אויפֿגעבן די קרוינעו,
ווען מ׳איז שוין נאָנט, גאָר נאָנט צום ציל...
און דינה קוקט אויף אים מיט שטוינונג,
און ס׳שרעקט איר האַרץ אַ פֿאָרגעפֿיל:
— כ׳ווייס, ליוליק, נישט ווי אײַך צו דאַנקען
פֿאַר אײַער טײַערן וויזיט.
ווען איר׳ט זיך פֿאָרן זען מיט יאַנקאָן
קיין עכּו, כ׳בעט אײַך, נעמט מיך מיט.

## דעם פֿעטערס בטחון

אין תּל־אָבֿיבֿ האָט ער געטראָפֿן
דעם פֿעטער אין אַ גוטער לוין[79]:
— עס ווערט מקוים אונדזער האָפֿ׳נונג,
מען קלײַבט זיך אין קיבוץ צו גיין.
דער פֿעטער שטראַלט — אַן אימעניניק.
ס׳דערציילט אים ליוליק פֿון באַזוך
בײַ יאַנקאָן און דערנאָך בײַ דינהן.
דער פֿעטער הערט־אויס מיט אַ שמוך:
— ס׳קומט־אָן אַהער דער נײַער נציבֿ,
סער הערבערט סעמועל די טעג,
מען שמועסט אין הויז, אין גאַס, אין חצר,
אַז רחמים פֿירט ער גאַנצע פּעק.
— ער וועט באַגנאַדיקן די העלדן —
און יאַנקאָ וועט אַרויסגיין פֿרײַ.
ער וועט, ווי מיר, פֿאַרזייען פֿעלדער
און זײַן וועט: עם ישׂראל חי!
אַז יאַנקאָ האָט געפֿונען דינהן
אין חיפֿהער יידישן שפּיטאָל,

[79] שטימונג.

וועט ס׳לעבן זײַן ווי אַ מאַהינע[80];
אי צוקער־זיס, אי שיין, ווי גאָלד.
כ׳בין, ליוליק, איצט שוין גישט מסופק,
אַז אַלץ וועט זײַן דאָ מצוין:
מ׳עט שטעלן, מירצעשעם, אַ חופה,
די ערשטע חופה פון „רוסלאַן״.

## דינהס באַגעגעניש מיט יאַנקאַן

און ליוליק ווידער איז געקומען
צו חבר יאַנקאַן אויף באַזוך,
און דינהן מיט זיך מיטגענומען,
געבראַכט אים פרישע וועש און פרוכט.
געשטאַנען ד׳יאַנקאַ אַ צעמישטער,
געקוקט אויף דינהס בלייך געזיכט,
מיט אויגן פלאַמיקע גענישטערט,
דערמאָנט זיך יעדן מינדסטן שטריך.
די ווערטער אירע פליסן, פליסן,
און ס׳קול אירס ווי אַ פלייטע זינגט:
— איך בין געקומען דאָ באַגריסן
דעם גרויסן העלד, מײַן שוועסטערקינד!
אין גרויע אויגן בלישטשען טרערן
און זי פאַרהאַקט זיך אויפן וואָרט.
זי גיט אַ קוש אים אויפן שטערן,
אַ גלעט זײַן שוואַרצן שויבער האָר.
— אַ, דינה, כ׳גלייב, ס׳פּאַסירן ניסים...
און דו? דו ביסט דער שענסטער נס...
ס׳וועט איצט מיר גרינגער זײַן אין תפיסה

---

[80] אַ חלום (?).

דער לאַנגער, פֿינצטערער מעת־לעת.
זײַן שטימע פֿליסטערט ווי אַ תּפֿילה:
— כ׳הער, אַ קיבוץ, אַ נײַער וואַקסט...
אויב, דינה, וואָלטסט געוועזן נאָר וויליק...
און ס׳גיט זײַן קול זיך אַ פֿאַרהאַק.
און ליוליק שטייט אַ צוגעשמידטער
און קוקט אויף זיי ווי דורך טומאַן.
און מיט אַ מאָל — ער גיט אַ ציטער:
— מען מוז זיך אָפּטראָגן פֿון דאַן!

## קיבוץ „אוריה"

### מען בויט אַ ישובֿ

צווישן חיפֿה און כּנרת,
צופֿוסנס פֿון דעם באַרג תּבֿור,
געפֿלעקטע שטיינער ווי פּאַנטערעס,
מיט מאָך באַוואַקסן, ווי מיט האָר.
פֿאַר טאָג. די זון קריכט איבער עמק,
אַ פֿריש געבאַקענער מאַלײַ [81].
און זעט: עס הויערן ווי קעמלען
צוויי־דרײַ געצעלטן אין אַ ריי.
און מענטשן ווי פֿאַרכּישופֿט טאַנצן
אין הויכע ווילדגראָזן, אין זומפּ,
און ביימלעך יונגינקע זיי פֿלאַנצן
מיט הוילע הענט, אָן ווערטער, שטום.
מען קלאַפּט מיט האַמערס און מיט זעגן,
מיט פּיאַשן [82] קאַרטשעט מען דאָס פֿעלד —

[81] געבעקס פון קוקורוזע. — [82] העקלעך צום גראָבן.

און צווישן גראָזן וואַקסן וועגן,
און לעבן שפּראָצט פון טיל־און־תל.
עס פאָכען אין דער לופטן רידלען,
ס׳באַהעפּט זיך ציגל מיט צעמענט.
ווי אויף אַ חתונה — די פידלען,
עס זינגען האַרעפּאַשנע הענט.
און ס׳וווּנדערט זיך דער בליק פון חמה:
— צוויי טויזנט יאָר שוין באַלד אַוועק,
מ׳האָט נישט געהערט קיין קלעפּ פון האַמער,
און נישט ס׳געזאַנג דאָ פון קיין העק.
פון שטוין פאַרשטעלט זי זיך די ראיה
מיט וואָלקנס זילבערנע ווי הענט:
ס׳האָט יענעם טאָג קיבוץ אוריה
אַוועקגעשטעלט דעם פונדאַמענט.

*

אַוועק אַ חודש. ס׳וואַקסט דער ישוב,
ווי אויפגעגאַנגענער פאַרזיי:
עס ווײַסלען זיך צוויי הײַזלעך פרישע
און צען געצעלטן אַרום זיי.
ווען מ׳האָט איבער חדר־האוכל
אַרויפגעקלאַפּט דעם קאָסע דאַך,
געמאַכט דער פעטער האָט אַ ברכה,
געוויינט פון חדוה און געלאַכט.
ערשט נעכטן האָט דער ווילדער עמק
געגענעצט דאָ אין וועלק־און־וויאַן,
הײַנט קלינגט אין טאָלן שוין אַ זמר,
דאָס אַרבעטליד פון פערציק מאַן.
איז רײַסט מען גראָזן מיט די ציינער
און פעלדזן מיט די הוילע הענט.

און ס׳לייגן וויליק זיך די שטיינער
אַרײַן, ווי לעמער, אין צעמענט.
אויב נויט ברעכט אײַזן, ברעכט דער ווילן
פֿון מענטש דאָס אײַזן און די נויט.
אין הייסע טעג, אין נעכט אין קילע
האָט מען אַ ישובֿ אויפֿגעבויט.

## חבֿר שמעון ניר

דער יונגינקער קיבוץ אוריה
באַקומען האָט אַ גוטן ווירט,
ווי פֿירער האָט דער וועד־עליה
באַשטימט דעם חבֿר שמעון ניר.
געשטאַמט האָט ער פֿון זיד־אוקראַינע,
נאָר ז׳אויסגעוואַקסן דאָ אין לאַנד.
אין „פֿינפֿטן יאָר״ זײַן מוטער ברײַנע
ז׳געפֿאַלן פֿון אַ קאַזאַקס האַנט.
גבֿריאל ליכטנשטיין, זײַן טאַטע,
געווען איז אַ ייִד — אַ ריז,
אין שטעטל נאָך, אין כאַשטשעוואַטע,
געווען אַ הייסער ציוניסט.
געהייראַט מיט אַ רײַכן מיידל.
דער שווער געהאַנדלט האָט מיט פֿעטס,
אַראָפּגעבראַכט דעם יונגן אײדעם
בײַ זיך אין פֿליגל אים באַזעצט.
און אַז דאָס אומגליק האָט געטראָפֿן
אין יענער חשוונדיקער נאַכט,
איז ער קיין ארץ־ישׂראל אַנטלאָפֿן,
געווען איז ס׳ייִנגל אַ יאָר אַכט.
אַז שמעון האָט גענומען בלײַען —

אַ יונגער צעדער אויף אַ ריף[83] —
האָט ער געשיקט אים אין „הרצליה",
אין ייִדנשטאָט, אין תּל־אָבֿיבֿ.
אין נײַנצן אַכצן האָט באַקומען
אין „אַגר־עקאָל" ער זײַן דיפּלאָם,
אַהיים צום טאַטן צ׳ריקגעקומען
איז שמעון ניר אַן אַגראָנאָם.
נאָך נישט אַוועק אין טאַטנס דרכים,
זיך נישט געקוואָפּעט אויף זײַן גוטס.
דערשפּירט, עס ליגט די מזל־ברכה
אין בויען ס׳לאַנד דורך דעם קיבוץ:
— יאָרהונדערטער האָבן די זיידעס
דעם קאָרג געבויגן פֿאַרן האַר.
פֿון גרויסער צײַט, מיר, קליינע עדות,
מיר ווייסן נישט, וואָס מיינט געפֿאַר.
נאָך יאָרן אומגליקן און פֿלוכן,
נאָך גלות פֿון צוויי טויזנט יאָר,
נישט ווייניקער פֿון אַ מלוכה
פֿאַרלאַנגט אַצינד דער נײַער דור.
און אַז געקומען איז אוריה,
געפּועלט האָט דער חבֿר ניר
אַז דווקא אים זאָל ועד־עליה
אַוועקשטעלן ווי ערשטן ווירט.

## יאַנקאָם באַפֿרײַונג

מ׳האָט אויפֿגעשטעלט לאַנג דעם מיטבח שוין
און רות מיט ברעמלאָזן געזיכט

---

[83] ים־פעלדז.

מיטן שטשופּלען תּימנער, מיט נחשון,
צוזאַמען אַרבעטן אין קיך.
ס׳איז פֿרײַטיק פֿרי. אויף ווײַסן הימל
די זון ז׳אַרויס פֿון פֿוטערפֿאַס.
ס׳זעט־אויס, ס׳וועט זײַן אַ גרויסע חמימה,
ווען ס׳איז דער הימל אַזוי בלאַס.
דער ערשטער איז פֿון ברוינעם בײַדל
אַרויסגעקומען שמעון ניר,
מיט אים געלאָזט זיך צו׳ר געבײַדע
האָט יאָסל טאָקער — דער מזכּיר.
זיי ריידן ווייניק אין פֿרימאָרגן,
באַגריסט זיך און אַרײַן אין קיך:
פֿאַראַן אַזוי פֿיל מי און זאָרגן —
עס דאַרפֿן אָנקומען די פֿיך.
זיי קײַען שטיל אויף ביידע באַקן,
דער פֿרישטיק איז שוין באַלד פֿאַרצערט.
און פּלוצעם קומט־אַרײַן פֿון עכּו,
פֿאַרשטויבט, דער חבֿר חיים־בער:
— איך קום, חבֿרים, אײַך דאָ מעלדן —
זײַן פּנים פֿלאַקערט ווי אַ שײַט —
מ׳האָט נעכטן נאָך די צוואַנציק העלדן
פֿון עכּור פֿעסטונג שוין באַפֿרײַט.

## ליוליקס אַהיימקער

### אַ באַגעגעניש אין חיפֿה

ווען ר׳איז אַראָפּ פֿון שיף „קאַראַפּאַ״,
האָט ליוליק חיפֿה נישט דערקענט:

מיט דרײַ יאָר צ׳ריק פֿאַרלאָזט דעם האַפֿן
און ס׳דוכט זיך אים — פֿאַרבײַ שוין צען.
עס שטייען שיפֿן בײַ די ברעגן.
שליחים פֿון דער גאָרער וועלט.
די סחורות לאָדן־אויס די טרעגערס,
פֿאַראייניקטע אין אַן אַרטעל[84].
די גאַנצע שטאָט פולסירט מיט לעבן.
די הײַזער וואַקסן אויף דער גאַס.
עס בליאַסקען פֿאַרביקע געוועבן,
עס טאַנצט דער טרעגער מיט זײַן לאַסט.

געדונגען ליוליק האָט אַ צימער
אין אָרעמען, אין פֿאָרטהאָטעל.
דורך פֿענצטער זעט ער שטיקער הימל,
ווי צויטן הענגען איבער פֿעלדז.
ער וואַשט זיך אײַן און גייט־אַרונטער,
און לאָזט זיך שפּאַנען איבער שטאָט.
זײַן יונגער טראָט איז פֿריידיק מונטער,
עס פּאַטשן שיך אויף שטיין ווי שראָט.
ער הייבט זיך אויף מיט הר־הכרמל
און שפּאַנט מיט יובלענדיקע טריט.
אויף הימלראַנד, ווי בלויער פּאַרמעט,
די זון — אַן אות אַ גאָלדן — גליט.

ער שפּאַנט פֿאָרויס. אָט איז דער גאַניק
פֿון ווײַסן בנין „בית־חולים״:
אָט דאָ איז דינה דאַן געשטאַנען,
ווען ז׳האָט געזעגנט זיך מיט אים.

---

[84] אַ כמו־קאָאָפּעראַטיוו: אַלע שותפים פון אַן אונטערנעמונג זײַנען אויך די אַרבעטערס.

דאָס האַרץ אין ברוסט זיך גיט אַ שלײַדער...
ער קוקט־אַרום. און מיט אַ מאָל
ער זעט: עס זײַנען דרײַ געבײַדעס
שוין צוגעוואָקסן צום שפּיטאָל.
אַלץ וואַקסט אַרום, אַלץ האַלט אין יערן.
בלויז ער — אַ ווינט אויף אַ וואָקזאַל —
דרייט־אום זיך דאָ... שוין צײַט צו ווערן
אַ טייל פֿון בויענדיקן כּלל.
אין שמאָלן געסל, צווישן מאָכן,
ד׳געשטאַנען ליוליק אויפֿן באַרג,
ווען ר׳האָט דערזען אַ יונגן בחור
מיט פּעקלעך שפּאַנען פֿון באַזאַר.
האָט ליוליק אָנגעשטרענגט די ראיה,
באַטראַכט דעם רירעוודיקן יונג:
— דאָס איז דאָך נחשון פֿון אוריה!
און ס׳טוט דאָס האַרץ אין אים אַ זונג.
און נחשון קוקט אויף פֿרעמדן בחור:
— איז ער אַ חבֿר פֿון קיבוץ?
איז וואָס זשע גייט ער אין דער וואָכן
אין נײַעם אָנצוג אויסגעפּוצט?

ער שטייט אַ ווײַל אין פּלעף אין דולן.
און מיט אַ מאָל — אַ שטרעק די האַנט:
— שלום! שלום, אַדוני ליוליק!
כ׳האָב נישט געוווּסט, איר זײַט אין לאַנד!
ס׳האָט נחשון זיך קוים־קוים געעלטערט:
דאָס יונגע פּנים — בראָנדזיק ברוין,
צוויי אויגן תּמימותדיק צעהעלטע,
און ווײַסע, שטשירנדיקע ציין:
— שוין לאַנג געקומען? להשתקע?

און ווייס דערפֿון הדוד יצחק?
אײַ, וועט ער זיך מיט אײַך דערפֿרייען...
ס'וועט זײַן בײַ אים אַ גרויסער חג.

זיי זיצן איבער שוואַרצער קאַווע
און ליוליק נחשונען שוין דוצט:
— ס'איז גוט צו זען דיך, ליבער חבֿר.
דערצייל, וואָס הערט זיך אין קיבוץ?
און נחשון לאָזט זיך לאַנג נישט בעטן:
— בײַ אונדז איז אַלץ דאָרט מצוין.
צעאַקערט שוין אַ ברייטער שטח.
דאַרפֿסט זען דעם בלי פֿון אונדזער זאַנג!
עס ציילט אַ הונדערט שוין נפֿשות
קיבוץ אוריה הײַנטיקס יאָר.
פֿאַראַנען שוין פֿאַר בהמות פּאַשע,
פֿאַראַן אַן אָקס, אַ שור־הבר.
מיר האָבן שוין דרײַ צענדליגג הײַזער
און פּופּצן קינדער, ברוך השם!
און ברויט גענוג מיט וואָס זיי שפּײַזן,
נאָר ס'איז פֿאַראַן בלויז איין פּראָבלעם:
מ'האָט אונדז געשיקט אַ צווייטן טראַקטאָר,
הערסט, ליוליק, אַ מאַשין — אַ ריז.
דאַרפֿסט זען, ווי גראָזן שנײַדט און האַקט ער!
איז פֿעלט אונדז נאָך אַ טראַקטאָריסט.
זינט חבֿר יאַנקאָ איז געפֿאַלן
פֿון שונאס קויל בײַ נאַכט אין פֿעלד,
מיר האָבן נאָך נישט קיין ממלא,
דאָס אָרט פֿאַרנעמען פֿון דעם העלד.
ער האָט אַ טראַקטאָר גוט געטריבן,
געווען דער הויפּט פֿון אונדזער שוץ.

ס׳האָט ס׳גאַנצע לאַנד באַוויינט דעם גיבור,
נישט בלויז דער אייגענער קיבוץ.

ער שלינגט די טרערן מיט דער סלינע:
— מיר האָבן קיינעם אויף זײַן אָרט...
זײַן יונגע פֿרוי, הגבֿרת דינה...
און ער פֿאַרהאַקט זיך אויפֿן וואָרט:
— איך מיין... איך האָב געוואָלט, מר ליוליק...
אײַך זאָגן... ניין, נישט דאָס... נישט דאָס...
ער קוקט אויף אים מיט אויגן דולע —
און גיט אַ שנײַץ די לאַנגע נאָז.

און ליוליק זעט אין נחשונס קווענקל,
אַז אַלץ איז דעם קיבוץ באַקאַנט...
ער גיט אַ רוק צו אים דאָס בענקל
און גיט אַ גלעט אים מיט דער האַנט:
— דו דאַרפֿסט מיר, נחשון, נישט דערציילן,
וואָס דער קיבוץ ווייסט וועגן אונדז...
זי איז אַ פֿינצטערע אַבֿילה
און נישט פֿאַרהיילט איז נאָך איר וווּנד...
דערצייל מיר בעסער, ליבער נחשון:
איז יאָסל טאָקער דאָרט מיט דיר?
און — שיִער פֿאַרגעסן — זאָג, וואָס מאַכט שוין
דער טרײַער חבֿר שמעון ניר?
גיט נחשון מיטן קאָפּ אַ שאָקל,
אַ זופֿ די קאַווע, הייס ווי קויל:
יוסף חרט — ס׳הייסט יאָסל טאָקער
איז איצטער אונדזער מנהל.
און חבֿר ניר, ער וואַקסט אַן אויפֿהער,
ער איז אַ מאַן פֿון שׂכל, מוט:
ער זיצט אין אַ משׂרד אין חיפֿה —

דער הויפּט פון היגער הסתּדרות,
און ליוליק פרעגט: — וואָס מאַכט מײַן פעטער?
און נחשון ענטפערט: — שוין באַיאָרט!
אַז ס׳גיט אַ בײַט זיך קוים דער וועטער,
קרעכצט־אונטער שוין דער אַלטער דור...
איך פאָר נאָך הײַנט אַפּ קיין אוריה,
כ׳וועל ברענגען אים פון דיר אַ גרוס.
עס וועט די פריידיקע ידיעה
אים אויסהיילן דעם קראַנקן פוס.
און, ליוליק, דו? — ער שלינגט די סלינע —
וואָס קלײַבסטו זיך צו טאָן דאָ גוטס?
און ליוליק ענטפערט: — כ׳האָב אַן ענין,
כ׳וועל סוף וואָך זײַן שוין אין קיבוץ.

## אַ געשפרעך מיט שמעון ניר

אַ ווײַסע הויז מיט פענצטער בלויע
אין שטילן געסל שטייט באַרוט.
אויף הילצערנעם געפאַרבטן טויער
אַ גאָלדן שילדל: הסתּדרות.
און ליוליק שפּאַנט־אַרויף צווי גאָרן:
צווי טירן — רעכטס, צווי טירן — לינקס.
ער שפּאַנט מיט שמאָלן קאָרידאָרל,
פאַרנעמט אויף לינקס זיך — לויט אינסטינקט.
אין מוח בליצט: — וואָס גרייט דער גורל
דעם דורכגעפאַלענעם רעבעל?
ר׳קלאַפּט־אָן. אַ מיידל, קורץ געשוירן,
שטעלט־אָפּ אים העפלעך אויף דער שוועל:
— מה יש? — זי קוקט אויף אים מיט חידוש:
אַ שטאַלטנער בחור ווי אַ הירש.

ער ענטפערט העפלעך איר אויף יידיש:
— כ׳וויל זען דעם חבר שמעון ניר!
עס ווײַזט אים אָן אַ טיר דאָס מיידל,
און ליוליק גיט אַ שווערן שלונג.
אין ציכטיק אויסגעקאַלכטן חדר
אויף דריישטול זיצט אַ ספּריטנער יונג.
ער קוקט אויף גאַסט מיט בליקן שטומע
און גיט אַ הייב זיך אויף מיט האַסט:
— אַך, ליוליק! ווען זענט איר געקומען?
אָט דאָס באמת הייסט אַ גאַסט!
און ליוליק קוקט אויף אים צעטומלט,
און ס׳גיט אַ שפּרונג בײַ אים דאָס האַרץ:
— וואָס־וואָס, קיין אויפנאַמע מיט בלומען
האָב איך פון אײַך דאָ נישט דערוואַרט.
— איך האָב געבראַכט דעם דיכטער־באַנטיק,
ער זאָל דאָ צוגעבן זײַן שולד...
און שמעון האַרציק דריקט די האַנט אים
און זעצט־אַוועק אים אויף אַ שטול.
זיי זיצן — איינער קעגן אַנדערן.
פון שמעונס ווערטער ווייט פּאַרטרוי:
— ווו האָט איר, ליוליק, אומגעוואַנדערט,
דערציילט באַריכות און גענוי.
און ליוליקס רייד, ווי קוואַל פון ברונעם,
ר׳דערציילט אים אַלץ פון וואַנדערוואַנד:
— דורך יאָרן בענקשאַפט כ׳האָב געפונען
מײַן וועג צוריק צום אייגן לאַנד.

*

# צו דער כאַראַקטעריסטיק פון לייב פיינבערג

א. לוצקי

## ל. פיינבערג

ל. פײַנבערג.

פײַנבערג הויכער, פײַנבערג דרייסטער,
מיט אַ לענגלעך איידל פּנים
מיט אַ שטעקן, אַ געאײַלטער,
יעדער ווײַלע שטרעקעס מײַלט ער,
מיט די אויגן־בויגן פײַלט ער.

אַרײַנגעיאָגט זיך דאָ צו קליגגען,
צו פאַרשווינגען,
מיט די גלאָקעדיקע קלאַנגען,
מיט די גראַמעדיקע צוואַנגען,
אָפּיצירנדיקע ראַנגען,
אַלטע קלאַסישע געדראַנגען.

ל. פײַנבערג.

אַ קאָכיקער, אַ זידיקער,
אַ ברויזיקער, אַ גרויסיקער,
אַ דרויסיקער.

יידיש דיכטונג — רוסישיסטער,
רוסיש דיכטונג — יידישיסטער,
ביידע שפּראַכן — ביסטרע פליסט ער.

ל. פײַנבערג.

פּאַפּיראָסן איינס צום אַנדער
צינדט ער אונטער נאָך אַנאַנדער,
און דעם מונדשטוק מילט ער,
מוילט ער,
מיט שאַרפע רררײשן בולט ער,
אין מסיבה־שרײַבערס ווילט ער...
פּאָ רוסקי — יידישיסט,
יעי באָגו — קאַבאַליסט.

ל. פײַנבערג.

שרײַבט ראָמאַנען מיט באַגראַמען,
שרײַבט פון פּרדס, פון אלישע,
אומעטום איז דאָ אַן אישה.

יעדע ליד אין פײַנבערגס בוך:
— סעוואָדניאַ פּראַזדניק!
אַוווּ מען עפנט און מען לייענט:
— אַצינד איז חגא!

שורות כאַפּן,
טאַקטן קלאַפּן,
גראַמען קוואַפּען,
סטראָפן גלאָצן,
ריטמען טראָצן,
סטאַנסן פּלייצן,
אימפּעטס רייצן.

ביאַליק, מענדעלע, יעסענין,
טראָצקי מיט גאַמאַרניק, לענין,
פּאַני בראַט — מיט אים זיי זענען.

ל. פײַנבערג.

**Joseph Lifshitz Fund**



**ביז איצט דערשינען פֿאַר דער ביבליאָטעק**

## מוסטערווערק פֿון דער יידישער ליטעראַטור

**אונטער דער רעדאַקציע פֿון שמואל ראָזשאַנסקי**

1) שלמה עטינגער — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (312 זײַטן)

2) מאַרק וואַרשאַווסקי — ייִד׳ פֿאָלקסלידער, 3טע אויפלאַגע (216 זײַטן)

3) ה. ד. נאָמבערג — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)

4) מענדעלע — מסעות בנימין השלישי, 3טע אויפלאַגע (256 זײַטן)

5) לייב נײַדוס — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (208 זײַטן)

6) יעקבֿ דינעזאָן — יאָסעלע, קריזיס, 3טע אויפלאַגע (256 זײַטן)

7) משל בראָדערזאָן — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפל׳ (272 ז״ז)

8) אליהו בחור — בבֿא־בוך, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)

9) דוד פינסקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 3טע אויפלאַגע (352 זײַטן)

10) שמעון פֿרוג — אויסגעקליבענע שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (216 זײַטן)

11) י. ל. פרץ — אין 19טן יאָרהונדערט, 3טע אויפלאַגע (272 זײַטן)

12) י. ל. פרץ — אין 20סטן יאָרהונדערט, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)

13) מאָריס ראָזענפֿעלד — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (240 זײַטן)

14) האָפֿשטיין — כאַריק — פֿעפֿער, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)

15) מרדכי ספעקטאָר — דער ייִד׳ מוזשיק, 2טע אויפלאַגע (272 זײַטן)

16) ה. לייוויק — אויסגעקליבענע שריפֿטן (352 זײַטן)

17) שלום עליכם — מנחם־מענדל, 3טע אויפלאַגע (272 זײַטן)

18) אַבֿרהם גאָלדפֿאַדען — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפלאַגע (256 זײַטן)

19) י. י. שוואַרץ — קענטאָקי, א. ראַבאָי — הער גאָלדענבאַרג
(פּיאָנערן אין אַמעריקע), 2טע אויפלאַגע (312 זײַטן)

20) חיים־נחמן ביאַליק — אויסגעקליבענע שריפֿטן (384 זײַטן)

21) ש. אַנ־סקי — אויסגעקליבענע שריפֿטן (296 זײַטן)

22) מענדעלע מוכר־ספֿרים — פֿישקע דער קרומער (256 זײַטן)

23) יוסף אָפּאַטאָשו — אין פּוילישע וועלדער (416 זײַטן)

24) זלמן רייזען — אויסגעקליבענע שריפֿטן (304 זײַטן)

25) יהואש — אויסגעקליבענע שריפֿטן (320 זײַטן)

26) גליקל האַמיל — זכרונות (352 זײַטן)

27) שלום עליכם — **טבֿיה דער מילכיקער, 3טע אויפֿלאַגע** (288 זײַטן)
**28) אַבֿרהם רייזען — אויסג׳ שריפֿטן, 2טע אויפֿלאַגע (320 זײַטן)**
29) די פֿרוי אין דער ייִדישער פּאָעזיע — **אַנטאָלאָגיע (416 זײַטן)**
30) ר׳ נחמן בראַצלעווער — **סיפּורי־מעשׂיות,** 2טע אויפֿלאַגע (224 זז׳)
31) מרדכי אַלפּערסאָן — **אין אַרגענטינע (320 זײַטן)**
32) **פּרץ הירשביין — אויסגעקליבענע שריפֿטן (336 זײַטן)**
33) ייִדיש אין ליד — אַנטאָלאָגיע (264 זײַטן)
**34) מנחם באָרײשאָ — דער פֿרעמדער, זאַוול רימער (320 זײַטן)**
35) ווען אַ פֿאָלק דערוואַכט — אַנטאָלאָגיע (464 זײַטן)
36) נוסח השׂכּלה — אַנטאָלאָגיע (272 זײַטן)
37) ז. סעגאַלאָוויטש — **לידער, דערציילונגען, זכרונות (352 זײַטן)**
**38) מעשׂה־בוך, פֿון** 1602 (368 זײַטן)
39) אונטער אָקופּאַציע: **עוזר וואַרשאַווסקי** — שמוגלערס. **(328 זײַטן)**
40) ערבֿ חורבן: **מ. בורשטין/מאַזאָוויע און 14 פּאָעטן** (256 זײַטן)
41) חורבן: **פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע — אַנטאָלאָגיע (432 זײַטן)**
42) ווידערשטאַנד און אויפֿשטאַנד/**פּאָעזיע, פּראָזע, דראַמע** (336 זײַטן)
43) איציק מאַנגער — **לידער, פּראָזע, עסייען (384 זײַטן)**
44) דוד בערגעלסאָן — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (320 זײַטן)
45) משה נאַדיר — **הומאָר, קריטיק, ליריק** (288 זײַטן)
46) דאָס קינד אין ייִד׳ פּאָעזיע און פּראָזע — **אַנטאָלאָגיע (320 זײַטן)**
47) **י. אַקסנפֿעלד — שטערן־טיכל, ערשטער ייִד׳ רעקרוט** (288 זײַטן)
48) **פּליטים צווישן פֿײַערן,** אַנטאָלאָגיע **(304 זײַטן)**
49) **אויסגעוואָרצלטע און אײַנגעוואָרצלטע,** אַנטאָלאָגיע (272 זײַטן)
50) **דרום־אַפֿריקאַניש,** אַנטאָלאָגיע (360 זײַטן)
51) שלום אַש — **פֿון שטעטל צו דער גרויסער וועלט.** (400 זײַטן)
52) **דער אַרבעטער־דור אין אַמעריקע** (224 זײַטן)
53) **עבֿרי־טײַטש / צאינה וראינה** (368 זײַטן)
54) טשילעניש — **אַנטאָלאָגיע** (272 זײַטן)
55) אין דעם אייגענעם לאַנד, 25 **יאָר ישׂראל (568 זײַטן)**
56) שלום אַש — **אַנקל מאָזעס,** ראָמאַן (264 זײַטן)
57) יעקבֿ גאָרדין — 3 **דראַמעס,** (352 זײַטן)
58) בראַזיליאַניש — אַנטאָלאָגיע (352 זײַטן)

59) פֿון דור צו דור: **א. וויַטער, ד. איינהאָרן ז. י. אַנכי** (368 זײַטן)
60) מאַקס ווײַנרײַך — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (416 זײַטן)
61) אין סאָוועטישן פֿרילינג — **אַנטאָלאָגיע** (248 זײַטן)
62) קאַנאַדיש — **אַנטאָלאָגיע** (448 זײַטן)
63) דוד איגנאַטאָוו — **אויסגעקליבענע שריפֿטן** (336 זײַטן)
64) פֿון רעוואָלוציע צו תּשובֿה: **לייב פֿײַנבערג** (280 זײַטן)

**אין 1975 וועלן נאָך דערשײַנען די אָ 2 בענד** מוסטערווערק:

65) **י. י. זינגער — אויסגעקליבענע שריפֿטן**
66) אַרגענטיניש: **דער חלום פֿון פֿעלד / אַנטאָלאָגיע**

## נאָכבאַמערקונגען

◈ דער דאָזיקער באַנד **מוסטערווערק**, וואָס איז אָפּגעגעבן פֿאַר **לייב פֿײַנבערג**, דערשײַנט מיט אַ דערלויבעניש פֿון דער פֿרוי און טאָכטער פֿון דיכטער.

◈ די פּראָבלעם **פֿון רעוואָלוציע צו תּשובֿה**, ווי ל. פֿײַנבערג דריקט זי אויס, פֿאַרמאָגט **קינסטלערישע** אויסדרוקן נישט ווייניקער ווי **אידייִשע**.

◈ בעת די **מוסטערווערק פֿון דער ייִדישער ליטעראַטור**, אַרויסגעגעבן דורכן **יוסף ליפֿשיץ־פֿאָנד**, ציילן שוין הינטער זיך 63 בענד, דאָס הייסט, אַז 2/3 פֿון דעם פּלאַן האַלט שוין בײַם אויסגעענדיקט ווערן, איז כּדאַי פֿעסטצושטעלן, אַז קיין איין באַנד איז נישט סובסידירט און אַוודאי נישט אַרויסגעהאָלפֿן געוואָרן אַפֿילו מיט קיין איין פּרוטה פֿון משפּחות פֿון דעם אָדער יענעם שרײַבער. יעדער באַנד איז אַ רעזולטאַט נאָר און בלויז פֿון רעדאַקציע־פּלאַן, באַשטעטיקט פֿון דער **ליטעראַטור־געזעלשאַפֿט בײַם ייִוואָ**. אָט דער פּרינציפּ וועט אָנגעהאַלטן ווערן אי״ה ביז די 100 בענד.

ש. ר.

LEIB FEINBERG

# DE LA REBELION AL ARREPENTIMIENTO

POESIA

POETRY

Director: SAMUEL ROLLANSKY

1 9 7 5

ATENEO LITERARIO EN EL INSTITUTO CIENTIFICO JUDIO

Pasteur 633 - 3º Buenos Aires

